היינטצייטיקער יידישער דאָקומענטאַציע־צענטער

סעריע : „פאָרשונגען און מאָנאָגראַפיעס"
N° 2

# די געלע לאַטע

פון

ל. פּאָליאַקאָוו

פאָרוואָרט פון

זשוסטען גאַדאָר

סענאַטאָר, געוועזענער מיניסטער

יידיש : אסתר שטאַרקשטיין

פאַרלאַג פון צענטער — פּאַריז 1952

# אַריינפיר-וואָרט

נאָך דער אַנטפּלעקונג פון די דיקע אַקטן-בענד פון נירנבערגער טרי־בונאַל און נאָך דער אויסשעפּנדיקער היסטאָרישער אָפּהאַנדלונג, וועלכע מיר האָבן פאַרעפנטלעכט וועגן דעם אויסראָטונגס-פּלאַן פון די יידן אין פראַנקרייך — וועט דאָס דאָזיקע קליינע בוך, געווידמעט דער „געלער לאַטע", זיך אפשר אַרויסווייזן נישט גאָר וויכטיק און נישט פון דער ער־שטער היסטאָרישער באַדייטונג.

מיר האָבן פונדעסטוועגן, געוואָלט אָפּגעבן דעם דאָזיקן ביכל אַ באַ־זונדער אָרט צווישן די פאַרעפנטלעכטע ווערק פון צענטער פאַר היינט־צייטיקער יידישער דאָקומענטאַציע, ווייל אין דער פאַרצווייגטער אַנטי־יידישער מאַשין, וועלכע איז דורך די דייטשן, פון יאָר צו יאָר אַלץ מער פאַרפולקאָמט געוואָרן, איז די געלע לאַטע דורך זיי באַטראַכט געוואָרן ווי אַ הויפּט-פאַקטאָר, מיט וועלכן זיי זענען געווען זייער שטאָלץ און פון וועלכן זיי האָבן אַ סך דערוואַרט, וועלכער האָט זיי, אָבער, גורם געווען ערנסטע אַנטוישונגען.

פון דער געלער לאַטע האָבן זיי געהאָפט אַרויסצוציען אַ גרויסע וויר־קונג פון אויטאָריטעט און פּחד *). וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע דערפּינ־

*) טערקיש.

דונג, נישט אמת? יעדער ייד וועט זיך, אַ דאַנק איר, געפינען אין זיין פולסטן ליכט, אינם צענטער פון טאָג-טעגלעכן לעבן...

די געלע לאַטע האָט זיך זיי אויסגעוויזן צו זיין דאָס נייע געווער, דאָס ענטגילטיקע כּלי-זין, וואָס וועט זיי דערמעגלעכן אַ שטויס צו געבן פאָרויס די „פּראָגרעסיווע" מלחמה קעגן די יידן, ווי אויך צו-נישט מאַכן די מאַכינאַציעס, צוליב וועלכע זי איז, ביז דעמאָלט, געהאַט טיילווייז אַדורכגעפאַלן.

אין פּרינציפּ, האָט די געלע לאַטע געדאַרפט אַנגעווענדעט ווערן אין פראַנקרייך דעם 5-טן מערץ 1942, אָבער עס זענען אַנטשטאַנען שוועריקייטן, וואָס האָבן געפאָדערט פאַרזיכטיקע אונטערהאַנדלונגען. די אויס־לענדישע מלוכות האָבן געפאָדערט, אַז זייערע בירגער זאָלן באַפרייט ווערן פון טראָגן די געלע לאַטע. די ווישי-רעגירונג האָט געבעטן אַ געווי־סע צאָל אויסנאַמען.

דאָס קעגנוועדטיקע ווערק אַנטהאַלט די אַנטשפּרעכנדיקע אינסטרוק־ציעס און בריוו־אויסטויש און שפּיגלען אָפּ די מיינונגס־פאַרשידנקייטן, וואָס זענען מאָטיווירט געוואָרן מיט אָט דער שווערער צוגרייטונג.

די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך לאַנג געצויגן; דער אַמבאַסאַדע־ראַטגעבער, צייטשעל און דער דראַנסי־הענקער, דאַנעקער, זענען דערביי געווען די פאַרביסנסטע פאַרמיטלער. מען האָט באַדאַרפט פאַר יעדן פּרייז — לויט זייערע רייד — „איינשפּאַנען די פראַנצויזישע רעגירונג צו אָט דער אויפגאַבע". דאָס האָט זיך זיי בלויז האַלב איינגעגעבן. ווישי האָט נאָכגעגעבן וואָס שייך דער אָקופּירטער זאָנע, אָבער נישט אין דער פרייער זאָנע.

די דאָזיקע פּראָצעדור פון אָפּלייגונגען, צעגערונגען, קלאַסירונגען און איבערקלאַסירונגען פון די יידן לויט נאַציאָנאַליטעטן און קאַטעגאָריעס — האָט געדויערט איבער דריי חדשים.

נישט אָן מי, איז מען געקומען צו אַ מאָדנעם אויסגלייך, וועלכער האָט פאַרגעשטעלט, למשל, מיט זיך די משונהדיקע אַנאָרמאַלקייט, וואָס די פראַנצויזישע יידן האָבן געטראָגן די געלע לאַטע, אינדערצייט וואָס די יידן פון די קעגנערישע מלוכות, ווי ענגלאַנד און אַמעריקע — האָבן זיי נישט געטראָגן.

נאָך מער אומגעריכט האָבן זיך מאַניפעסטירט די רעאַקציעס, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אָנווענדונג פון דער נייער פאַראָרדענונג.

אין יוני 1942, האָט זיך באַמערקט אַ ברייטע חוזק־אַקציע קעגן דער געלער לאַטע. מען האָט ממש פאַרטרונקען די געלע לאַטע אין אַ נעץ פון פאַלשע לאַטעס, מיט וועלכע סטודענטן, אַרבעטער און אַרבעטערינס האָבן זיך באַהאָנגען לויט זייער פאַנטאַזיע, אַרויסווייזנדיק דערביי נישט קיין קליינע דערפינדערישקייט פון אָפּלאַכערישן כאַראַקטער, וואָס איז אַ ספּעציפיש־כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפט פון פראַנצויזן. גלייכצייטיק, האָבן די יידן, פאַרויספילנדיק פונדעסטוועגן, אַז עס רוקט זיך אָן אויף זיי אַ שטייגנדיקע סכנה — איגנאָרירט נישט געטראָגן די לאַטע, אָדער האָבן זי אין דער גאַס, פאַרשטעלט. האָט זיך דאַן אַנטוויקלט אַ ווילד געיעג קעגן די יידן אָן דער לאַטע, ווי אויך קעגן די פראַנצויזן, וואָס האָבן זי „אומגעזעצלעך" געטראָגן.

אונזערע לייענער וועלן זיך דאָ באַקענען מיט די פּרטים פון אָט דער באַהאַלטענער „לאַטעס־מלחמה", בעת וועלכער דער פראַנצויזישער שאַרפ־זין און דער יידישער מוח, וועלכע זענען אַזוי געניטגט זיך גיך אַדורכצו־דרינגען און זיך צו פאַרבינדן, האָבן אויסגעחוזקט די אויסערגעוויינטלעכע דייטשע „סטראַטעגיע" און האָבן זי — ביז אַ געוויסן פּונקט — נייטראַ־ליזירט.

אָבער, ווי אַזוי דער ענטפער זאָל נישט האָבן געווען, האָט דאָך די געלע לאַטע פאַרגעשטעלט מיט זיך נאָך אָן אומברחמנותדיקע יידן־ציי־

לונג, אַ „וויזועלע ציילונג" אין רעזולטאַט פון וועלכער, אַ גרויסע צאָל יידן זענען — צוליב מידיקייט, אָדער זינלאָזן צוטרוי — אומגעקומען.

אויב ווישי האָט זיך, אין דער פרייער זאָנע, אַנטקעגנגעשטעלט דעם אַריינפירן די געלע לאַטע, האָט זי פונדעסטוועגן מסכים געווען — לויט אירע געוואוינהייטס-מעטאָדן פון ווייכן ווידערשטאַנד, פון וועלכן זי פלעגט זיך באַלד אָפּקויפן, אַ דאַנק היפּאָקריטישע קאָנצעסיעס — צו דער צוגאָב-ציילונג פון די יידן, וועלכע איז אַדורכגעפירט געוואָרן אין דער פאָרעם פון אָפּשטע מפלען די אידענטיטעט-קאַרטן און די באַשפּייזונגס-קאַרטן. די יידן פון דער פרייער זאָנע האָבן נישט געהאַט די אויפשריפט „ייד" אויף דער ברוסט, האָבן זיי זי דעריבער געהאַט אַלס חתימה אויף זייערע דאָקומענטן.

אַזוי אַרום האָט זיך ענגער פאַרצויגן די נעץ, אין וועלכער די יידן האָבן בהדרגהדיק געדאַרפט — איינער נאָכן אַנדערן — אַריינגעכאַפּט ווערן, מיטן ציל אויסגעליפערט צו ווערן אין די אויסראָטונגס-לאַגערן. אַזוי אַרום האָט זיך דערנענטערט דאָס טויטן-ווערק פון דער שוידערלע-כער דייטשער מאַשין, וועלכע זשוסטען גאָדאַר שטעמפּלט אַן איבעריק מאָל אין זיין אַריינפיר-וואָרט, אַזוי ווי ער האָט עס אַזוי אָפט געטאָן, מיטן גאַנצן העפטיקן פּראָטעסט פון זיין ריינעם און נאָבעלן געוויסן פון אַ פראַנ-צויזישן דעמאָקראַט.

דאָס האָט דערפירט צו די גרויסע אָבלאַוועס פון יולי 1942 אין דער אָקופּירטער זאָנע און פון אויגוסט 1942, אין דער פרייער זאָנע.

אָבער אויך, אַלס רעוואַנש און אַלס נישט-ווייניקער אומפאַרמיידלע-כער רעזולטאַט, איז די פראַנצויזישע ווידערשטאַנד-באַוועגונג גרעסער געוואָרן אין צאָל און אין כוח. די געלע לאַטע האָט איר געגעבן אַ נייעם אימפּולס. די יידישע פאַרטיידיקונגס-נעץ האָט זיך אַליין ענגער און ענגער באַהעפט מיט דער פראַנצויזישער. מאַקיזאַרן — צוזאַמען מיט די מאַקי-זאַרן — האָבן זיך די יידן אָנגעגנייט צום אַקסל צו, דעם מגן-דוד.

די געלע לאַטע, דער שענדלעכער אָפּצייכן, איז געוואָרן צו אַן ערן-צייכן פון יידישן קאַמפּס-העלד; און לסוף איז ער, אין דער געגעבענער שעה, פאַרוואַנדלט געוואָרן צום אָפּצייכן פון נצחון.

**יצחק שניאורסאָן**

פרעזידענט פון הייגטצייטיקן
יידישן דאָקומענטאַציע-צענטער

# פאָרוואָרט

דאָס „אָפּצייכענען פון די יידן”, וואָס איז פּראַקטיצירט געוואָרן נאָך
אין מיטלאַלטער, וואָלט — אָן ספק — דערפינדן געוואָרן מצד די דייטשן,
אויב זיי וואָלטן נישט אָנגעטראָפן די טראַדיציע דערפון אין דער געשיכ־
טע. אויף דעם דאָזיקן געביט, צוגלייך ווי אין פיל אַנדערע, האָבן זיי אין
20־טן יאָרהונדערט אַרויסגעוויזן אַ מיטאַלטערלעכע מענטאַליטעט; דער־
צו האָבן זיי נאָך אגב, צוגעמישט דעם ספּעציפישן סאַדיזם, וואָס איז אַזוי
כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דייטשן מהות; ווייל די געלע לאַטע האָט
פאַר זיי נישט באַדייט, אַזוי ווי אין די אַמאָליקע צייטן — בלויז „ראַסן־
דיסקרימינאַציע”, זי האָט זיי אויך געדינט פאַר אַ סימן אָנצווייזן פאַר
די אַנטיסעמיטן און מוסרים, ווער זענען די קרבנות אַוועקצושיקן צום
אומקום; זי איז הויפּטזאַכלעך, באַשטימט געווען אויף אָפּצושוואַכן די
מאָראַל ביי דער יידישער באַפעלקערונג און דערמיט אויך, ביים גאַנצן
פאָלק, ווייל די געלע לאַטע איז געווען דער האַלוצינירנדיקער געביטערי־
שער צייכן פון דער אָקופּאַציע; זי האָט עפנטלעך באַוויזן די נידערטרעכ־
טיקע פאַרקנעכטונג מצד דער געסטאַפּאָ מיט אירע ווישי־קאָלאַבאָראַ־
טאָרן. וועלכער ערלעכער מענטש האָט דען נישט געפילט אויפגיין אין
זיין האַרץ די שאַרפסטע פאַרביטערונג? וועלכער פרייער גייסט איז דען
נישט אויפגעציטערט געוואָרן אין די טיפענישן פון זיין נשמה מיט דער
אויפטרייסלונג פון רעוואָלט, וואָס איז נאָך פיינלעכער געווען דערמיט,
ווייל ער האָט געמוזט בלייבן דערשטיקט אין זיין מעגלעכן געפערלעכן
אויפברויז — ביים אָנבליק פונם יידישן זעקס־יעריקן שול־קינד, גייענדיק
אין קלאַס מיטן קענצייכן פון דער געלער לאַטע, וועלכע האָט אויף זיין
שוואַכער קינדערשער ברוסט אָנגענומען איבערמעסיקע פּראָפּאָרציעס?
עס איז אמת, אַז אָט דאָס אכזריותדיקע בילד איז געווען בלויז אַ פאַרביי־
גייענדיקס, ווייל נישט נאָר די לאַטעס, נאָר אויך די קליינע טרעגער פון
די לאַטעס, זענען גיך פאַרשוואונדן געוואָרן, אויסגעליווערט ווי אַ רויב־
פּראָדוקט פאַר די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריע־אויוונס.

אויף פּעטענס אַרבל האָבן געבליצט צאָלרייכע אָפּצייכענונגען. דאָס
באַווייזן זיך פון דער געלער לאַטע האָט אויף אים קיין באַזונדערן איינ־
דרוק נישט געמאַכט. איינע מערער פאַר אַ מיליטער־מאַן, באַדייט אַ פריי־
שע אַוואַנסירונג. און אגב, איז צו אַלע זיינע פאַראַטן צוגעקומען נאָך איי־

נער, דער מיאוסטער -- דער פּאַראַט מצד זיין אייגענעם געוויסן, וואָס איז נישט אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די מאָראַלישע ליידן, וועלכע זענען אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף אומשולדיקע נפשות. זיין בריוו פון 12־טן יוני 1942 איז אַ באַווייז, וואָס סטיגמאַטיזירט זיין האַנדלונג אין שייכות צו דער געעלר לאַטע, פּונקט אַזוי ווי זיין האַנט־דרוק אין מאַנטוי־אַר. גאַנץ ווייט פון צו פּראָטעסטירן קעגן דער געלער לאַטע, מאַכט ער זי — אין אַ געוויסער מאָס — פאַר אָפיציעל, בעטנדיק ביי דער דייטשער מאַכט, אַז געוויסע פּערזאָנען זאָלן, אין פּערזענלעכע פאַלן, באַפרייט ווערן פון צו טראָגן די געלע לאַטע. ער גיט צו: „דאָס זעט מיר אויס נויטיק, בכדי די גערעכטע מאָסנאַמען, וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן קעגן די יידן, זאָלן פאַרשטאַנען ווערן און אַקצעפּטירט ווערן דורך די פראַנצויזן" (1) *. ער, פון זיין זייט, האָט פאַרשטאַנען; ער, פון זיין זייט, האָט אַקצעפּטירט — אַחוץ די געלע לאַטע — אויך די „גערעכטע מאָסנאַמען קעגן די יידן".

דער דאָזיקער טרויעריקער דאָקומענט, וועמענס אַנטפּלעקונג איז פּונקט אַזוי נוצלעך, ווי דאָס אויפדעקן די פּחדנישע פאַרבאָרגענע מעשים, וועלכע זענען אָפּגעטאָן געוואָרן אין שאָטן — איז אין דעם דאָזיקן בוך אונטערגעשטראָכן, אַ דאַנק די קאָנטראַסטן, וועלכע ווערן באַלויכטן דורך דער לעבעדיקער רירנדיקער שילדערונג פון דער רעאַקציע מצד דער עפנטלעכער מיינונג. אומזיסט האָט זיך אין פּאַריז די אַזוי־גערופענע גרופּע פון „אַנטי־יידישע פריינט" געשטעלט אין דינסט צום דייטש, כדי אויסצואיבן איר פּאָליצייאישן דרוק אויף די פראַנצויזן; אומזיסט האָבן עטלעכע פאַרנעמע לאָבוזעס, פול מיט שנאה, האָפנדיק אַרויסצוציען אַ פּראָפיט פונם אַנטיסעמיטיזם און פון זייער קנעכטשאַפט לגבי דעם אָקופּאַנט — באַליידיקט אויף די גאַסן די, וועלכע זענען דעקאָרירט געווען מיט דער געלער לאַטע ; דאָס פאָלק אין גאַנץ פראַנקרייך האָט מאַניפעסטירט זיין סימפּאַטיע לטובת די לעצטע, אויסלאַכנדיק און אויסחוזקנדיק דעם אויפגעצוואונגענעם אָפּצייכן. די געלע קאָליר ווערט פלוצים אין דער מאָדע. מען הויבט אָן צו טראָגן געעל פעדערן; פון די וועסטל־קעשענעס זען זיך אַרויס עלעגאַנטע שפּיצן פון געלע טאַשן־טיכעלעך; עס האָבן זיך גענומען מערן שטערן אויסגעשניטענע פון פּאַפּיר, מיט פאַנטאַסטישע אויפשריפטן. די פּאָליציי אַרעסטירט און אינטערנירט אין דראַנסי די, וועלכע האָבן מאַניפעסטירט נישט מאַסנווייז, נאָר אינדיווידועל, פון זייער ספּאָנטאַנער איניציאַטיוו — קעגן דער געלער לאַטע. ווער זענען זיי? סטודענטן, אַרבעטער, אָנגעשטעלטע, סתם פרויען, דאַקטילאָס, סטודענטנס, צייטונג־פאַרקויפערינס, ווירטשאַפטלערינס. ווי שטאַרק דערמוטיקנדיק איז געווען אָט דער ווידערשטאַנד אויפן פראַנצויזישן שטייגער, וויציק, שטיי־

1) * — זע זייט 61.

פעריש אָבער פול מיט קוראַזש, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער ריזיקע! דאָס פאָלק האָט נישט אָנערקענט, אַזוי ווי פעטען, אַז די געלע לאַטע איז „אַ גערעכטער מאָסמיטל קעגן די יידן"...

דאָס דאָזיקע בוך איז אינספּירירט דורכן איינציקן באַגער, אויפצודעקן דעם אמת. עס איז צונויפגעשטעלט, מער פון אויטענטישע אַרכיוודאָקומענטן, איידער פון קאָמענטאַרן. עס איז אומאָפּלייקנבאַר אין זיין באַשולדיקונגס-קראַפט, ווייל עס איז, מיט פעסטער אָביעקטיווקייט געמאַכט געוואָרן פון די דאָקומענטן, וועלכע שטאַמען פון די פאַרברעכער גופא.

איך וויל דאָ אויך צוגעבן די געפילן פון אויפטרייסלונג, צאָרן און גערעכטיקייט. אויב מען וועט פאַרגעסן, וועט ווידער קומען אַ מלחמה מצד דייטשלאַנד. „היטלער איז שוין נישטאָ" — זאָגט מען, בכדי זיך אַליין צו באַרואיקן. אָבער אין 1870, אָבער אין 1914, איז דאָך אויך קיין היטלער נישט געווען. זאָל דאָס גענומען ווערן אין אַכט. די שולד ליגט נישט אינם נאַציזם, נאָר אין דייטשלאַנד גופא. מען דאַרף אים צו זיין ברוסט צושפּיליען די שוואַרצע לאַטע פון זיינע פאַרברעכנס. דאָס זענען נישט בלויז סתם קיין היסטאָרישע שילדערונגען, דאָס איז אַן אייביקע סכנה פאַר דער צוקונפט פון דער פרייער מענטשהייט.

**זשוסטען גאָדאַר**

געוועזענער מיניסטער

# די גע‏לע לאַטע אין דער געשיכטע

זיי זענען נאָך אַזוי נאָענט פון אונז, די דאָזיקע שווידערלעכע פיר יאָר, אַז אַלץ, וואָס קאָן דינען פאַר אַ פירוש דערצו, אַלץ וואָס איז מסוגל צו באַלייכטן דעם געשיכטלעכן גאַנג, פאַרכאַפּט אונז און רייסט אונז מיט. און כאָטש עס האַנדלט זיך דאָ אין אַדמיניסטראַטיווע דאָקומענטן, אין ראַפּאָרטן און פאַרצייכענונגען — בלייבט דאָס מאַטעריאַל אַזוי לעבעדיק פאַר אונז פונדעסטוועגן, אַזוי לעבעדיק, אַז עס לייענט זיך פון אָנהויב ביזן סוף, גלייך ווי אַן „עפּיסטל־ראָמאַן”. די דאָקומענטן־זאַמלונג, וועלכע מיר פאַרעפנטלעכן, באַציט זיך צו באַפאָרצוגלעכער באַלײדיקונג פון דער נידעריקסטער קאַטעגאָריע, מצד דעם אָקופּאַנט: אין רעזולטאַט פון דער פאַראָרדענונג נומער 8 מצד דעם מיליטער־בעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך — פאַרעפנטלעכט דעם 1־טן יוני 1942 — ווערט דאָס טראָגן די געלע לאַטע אָבליגאַטאָריש פאַר די יידן פון דער אָקופּירטער זאָנע, פון 7־טן יוני אָן. ווי אַזוי איז אַזאַ מין מאָסמיטל צוגעגרייט געוואָרן, וועלכע באַדינגונגען זענען געווען נויטיק צו זיין אָנווענדונג, וועלכע רעאַקציעס האָט ער אַרויסגערופן ביי די יידן פון איין זייט, און ביי דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג אין אַלגעמיין, פון דער צווייטער זייט: דאָס אַלץ ווערט קלאָר פון די דאָקומענטן, מיט וועלכע עס קומט אונז אויס זיך צו באַקענען און פון וועלכע מיר רעפּראָדוצירן אין דער דאָזיקער זאַמלונג, די וויכטיקסטע.

אַלע די דאָקומענטן זענען אַרויסגעצויגן פון די דייטשע ס. ד.־אַרכיוון (זיכערקייטס־דינסט) (1) * אין פראַנקרייך. צוגלייך מיט אַזוי פיל אַנדערע גבית־עדותן, וועלכע באַווירקן די פאַנטאַזיע, זענען די אַרכיוון פון דער סעקציע ב. 4 („יידישע סעקציע”) פון דער ס. ד. אין פראַנקרייך ,גאַנצלעך קאָנסערווירט געוואָרן; זיי געפינען זיך איצט אין פּאַריז און באַשטייען פון אַ הונדערט קלאַסירטע אַקטן־שטויסן, אין אַ פּינקטלעכער אָרדענונג. גרויסע קאַרטאָנירטע אַקטן־טעקעס פאַר דעם הויפּט־געברויך — אַרעסטן, דעפּאָרטאַציעס; קליינע איינבונדן פאַר דעם מינדערוואָרטיקערן געברויך — יורידישע און אַדמיניסטראַטיווע פראַגן, קאָרעספּאָנדענצן מיט אַמבאַסאַדעס און קאָנסולאַטן; און אַזוי אויך די אַקטן־זאַמלונג „איינפירונג דעם יודענשטערנס” פון אַ, פאַרשטענדלעך, העל־געלער קאָליר, געווידמעט דער אַריינפירונג אין פראַנקרייך פון „ציונס שטערן”. אַלע דאָ־

(1) * — זיכערהייטספּאָליציי. עס האַנדלט זיך וועגן דער אינסטיטוציע, וואָס ווערט נישט־ריכטיק אָנגערופן „געסטאַפּאָ”; די דאָזיקע איז, אין דער ווירקלעכקייט, בלויז געווען איינע פון די קאָנסטיטואַטיווע אָפּטיילונגען (סעקציע 4).

קומענטן, וועלכע האָבן אויף וועלכן נישט איז אופן — דירעקט אָדער אומדירעקט — געהאַט אַ שייכות מיט דער פאַראָרדענונג נומער 8 — האָבן זיך געפונען דאָרט צונויפגעזאַמלט.

## אין מיטלאַלטער: דער עיגול

די דייטשן, ווי עס איז באַקאַנט, האָבן בלויז צוריקגענומען אַ מיטלאַלטער־לעכן מנהג. דער מיטלאַלטער איז געווען גענוג פרוכטבאַר מיט דיסקרימינאַציעס אָדער באַקליידונגס־דערנידערונגען. גלייכצייטיק מיט די יידן, זענען געווען גע־צוואונגען צו טראָגן, אָדער אַ ספּעציעל־באַשטימטן בגד, אָדער אַן אונטערשיי־דונגס־צייכן — אויך די מוסולמענער (די סאַראַזענער פון סיציליע א. א.), די אפּיקורסים פון קאַטהאַר, די אַלביגענזער, ווי אויך די מצורעים און זונות.

וואָס שייך די יידן, איז דער אימפּולס געקומען מצד דעם וואַטיקאַן. די אָנגעגעבענע סיבה האָט געהייסן, אַז מען דאַרף שטערן דער פאַרייניקונג צווישן קריסטן און יידן. אין 1215, האָט דער פּויפּסט, אינאַצענט דער 3־טער, פאַרעפנט־לעכט דעם דעקרעט פון 4־טן לאַטראַנער ראַט פון גייסטלעכע, וואָס פאַראָרדנט צו טראָגן די יידן מלבושים, וועלכע זאָלן זיי אונטערשיידן פון די קריסטן. דער דעקרעט האָט נישט אָנגעוויזן, אין וואָס דאַרף באַשטיין דער אונטערשיד. די פאָרעם איז שפּעטער באַשטימט געוואָרן, בעתן פאַרעפנטלעכן די מאָסמיטלען דורך רעליגיעזע און ציווילע אויטאָריטעטן פון פאַרשידענע לענדער. גאָר אָפט, איז דער אָפּצייכן באַשטאַנען פון אַ קליינעם עיגול פון אַ געלער אָדער רויטער קאָליר.

אין דער דייטשער אימפּעריע, האָט דער ווינער ראַט פון גייסטלעכע איינ־געפירט אין יאָר 1267, דאָס טראָגן פון אַ ספּעציעלן הוט (יודענהוט). אין 1279, האָט דער קאָנסיל (פאַרזאַמלונג פון טעאָלאָגן) פון אָפען פאַראָרדנט אין עסטער־רייך דאָס טראָגן פון „אַ קיילעכדיק שטיקל שטאָף אויף דער לינקער זייט ברוסט". אין די אַנדערע גערמאַנישע לענדער איז חל געווען דאָס אָבליגאַטאָרישע טראָגן פון אַ ספּעציעלן הוט: ערשט אין 15־טן יאָרהונדערט (1434, דער אוגסבורגער קאָנסיל), איז ער געוואָרן פאַרטרעטן מיט אַ קיילעכדיק שטיקל שטאָף (צייטנווייז געל, אָדער רויט). די אָנווענדונג פון אָט דעם מאָסמיטל, איז פון צייט צו צייט דערמאָנט געוואָרן אין פרישע פאַראָרדענונגען, צוליב דעם, וואָס מיט דער צייט, פלעגט עס פאַרגעסן ווערן.

אין פראַנקרייך איז דאָס טראָגן די געלע לאַטע איינגעפירט געוואָרן דורכן הייליקן לואי אין יאָר 1269. דער דעקרעט האָט פאַרפליכטעט צו טראָגן צוויי אָפּצייכענונגען — איינע אַ געלע אויפן רוקן און די צווייטע, — אויף דער ברוסט, פון דער זעלבער קאָליר. די לאַטעס זענען געווען אָבליגאַטאָריש פאַר יינגלעך פון 14 יאָר אָן, פאַר מיידלעך פון 12 יאָר אָן. די, וועלכע זענען עובר געווען אויפן געזעץ זענען באַשטראָפט געוואָרן מיט געלט־סומעס. וואָס שייך

דעם מסור, האָט ער געהאַט דאָס רעכט, אַלס באַלוינונג, צו באַקומען דעם אויבער־בגד פונם באַשטראָפטן ייִד. בלויז אין פאַל, ווען זיי זענען געווען אויף אַ רייזע, זענען די ייִדן נישט געווען פאַרפליכטעט צו טראָגן די לאַטע.

פונדעסטוועגן, איז דאָס טראָגן די לאַטע נישט זייער פּינקטלעך אָפּגעהיטן געוואָרן, אַזוי אַז אין לויף פון פאָלגנדיקן יאָרהונדערט, האָבן פיליפ דער שיינער, לואי דער 10־טער און זשאַן דער גוטער — פאַרעפנטלעכט נייע פאַראָרדענונגען בנוגע דער לאַטע. דער באַפעל פון זשאַן דעם גוטן, למשל, רעדט נאָר וועגן איין קיילעכדיק שטיקל שטאָף פון רויטער קאָליר אויף אַ ווייסן גרונט, וואָס דאַרף געטראָגן ווערן אויף דער ברוסט. ביסלעכווייז, פאַלט דער דאָזיקער מאָסמיטל אין פראַנקרייך אינגאַנצן אַוועק. די לעצטע דערמאָנונג דערפון, געפינט מען אין קאָמטאַ ווענעסין (15־טער יאָרהונדערט).

אומגעפער אויפן זעלבן אופן, און לויט די זעלבע גלגולים, ווערט דער פויפּסטלעכער באַשלוס פון 1215, אָנגעווענדט אין די אַנדערע לענדער, ווי אין איטאַליע גופא, אין שפּאַניע, אין ענגלאַנד... זינט סוף פונם 16־טן יאָרהונדערט, איז די לאַטע כמעט אומעטום פאַרשוואונדן.

***

בלויז אין ווענעציע איז דער דאָזיקער מנהג אויפגעהאַלטן געוואָרן צום לענגסטן.

עס איז באַקאַנט די ראָל, וואָס ווענעציע האָט געשפּילט אין דער ייִדישער געשיכטע, אין דער תקופה פון מיטלאַלטער. שוין דער אויסדרוק גופא „געטאָ", איז, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, פון ווענעציאַנישער אָפּשטאַמונג. (1) — ווענעציע איז געווען דאָס וויגעלע פון געדרוקטן וואָרט. (עס איז כאַראַקטעריסטיש צו פאַרצייכענען, אַז די גרעסטע און באַקאַנטסטע ייִדישע דרוקעריי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1516, דורך אַ קריסטלעכן דרוקער פון אַנטווערפּן — דאַניעל וואַן באָמבערגהען).

אין דער דורכלויכט־רעפּובליק איז דער ייִדישער אָפּצייכן איינגעפירט געוואָרן ערשט אין יאָר 1394. ער איז, אגב, באַשטאַנען — אַזוי ווי אומעטום —

---

(1) — די פאַרשידנאַרטיקסטע עטימאָלאָגישע אויסטייטשונגען, אָפטמאָל גאָר פאַנטאַסטישע — זענען פאָרגעלייגט געוואָרן פאַר דער אָפּשטאַמונג פון וואָרט „געטאָ".

דאָס געטאָ פון ווענעציע איז באַשטימט געוואָרן לויט אַ פאַראָרדענונג פון 1־טן אַפּריל 1516. אויף דעם אָרט, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן צו דעם דאָזיקן צוועק, האָט אין 14־טן יאָרהונדערט געהאַט עקזיסטירט אַ גיסעריי פון קאַנאָנען (געטאָ, אָדער גהעטאָ). אָבער דער פאַקט אַליין, וואָס דער ווענעציאַנער געטאָ איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן — גהעטטאָ נואווא און גהעטטאָ וועטשיא (אַלטער און נייער געטאָ), און אַז דער ערשטער איז געווען באַוואוינט דורך די ייִדן פאַר דעם צווייטן — באַווייזט בולט אַז דער אויסדרוק, וועלכער איז פון לאָקאַלער אָפּשטאַמונג, איז געשאַפן געוואָרן פריער, איידער דאָס געטאָ איז איינגעפירט געוואָרן.

וואָס שייך ווענעציע, זענען די פרטים, וועלכע מיר ברענגען דאָ — אַרויסגענומען פונם ווערק פון ה' סעסיל ראטה, א. נ. „ווענעציע" — דערשינען אין ענגלישער שפּראַך, אין פאַרלאַג „טהע דזשואיש פּאָבליקעישאַן סאָסיעטי אָף אַמעריקאַ, פילאַדעלפיאַ, 1930.

פֿון אַ קײַלעכדיקן געלן שטאָף־אויסשניט, צוגעניײט צו דער ברוסט. ער איז אָנגעווענדעט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער שטרענגקייט, און דאָס טראָגן אים איז פֿאַראָרדנט געוואָרן דורך, נישט ווייניקער, ווי 9 תּקנות, וואָס האָבן זיך נאָכגעפֿאָלגט און זענען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין לויף פֿון 15־טן יאָרהונדערט. געוויסע סענאַטאָרן האָבן, פֿונדעסטוועגן, אויסגעפֿונען, אַז דער אָפּצייכן איז נישט גענוג אָנזעעוודיק און אין יאָר 1496, איז ער פֿאַרטרעטן געוואָרן מיט אַ הוט: אַ געלער הוט במשך פֿון 16־טן יאָרהונדערט, אַ רויטער הוט אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אין 1680, שילדערט אונז אַ פֿראַנצויזישער רייזנדער דעם אויסזען פֿונם הוט, אַז ער איז באַדעקט מיט אַ שאַרלאַך־רויט שטיקל שטאָף, באַזיימט מיט שוואַרץ. אָרעמע מענטשן פֿלעגן זיך באַנוצן מיט אַ צעראַטע־שטאָף, אָנשטאָט וואָלן־שטאָף.

אַזוי אַרום האָט זיך אין ווענעציע דער דאָזיקער מנהג פֿאַרצויגן אַ סך שפּעטער, ווי אין אַנדערע מקומות. אין יאָר 1680, האָט די ווענעציאַנער מאַכט פֿאַראָרדנט אַן אויספֿאָרשונג, מיטן צוועק צו פֿאַרפֿאָלגן די יעניקע בירגער, וועלכע העלפֿן אַרויס די יידן צו פֿאַרשטעלן זייער אָפּשטאַמונג. אין 1720, איז די גאַנצע באַפֿעלקערונג געוואָרן אויפֿגערופֿן, מיטצואַרבעטן צום אויספֿירן פֿון דער דאָזיקער פֿאַראָרדענונג; די פּערזאָנען, וועלכע האָבן באַמערקט, מחוץ דעם געטאָ, אַ ייד מיט אַן אַנדערן הוט, ווי דער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורכן סטאַטוט — זענען געוואָרן איינגעלאַדן אַראָפּצורייסן דעם הוט פֿון דעם יידנס קאָפּ און אים ברענגען צו דער מאַכט — קעגן אַ באַלוינונג.

ערשט אין תּקופֿה פֿון אונטערגאַנג פֿון דער דורכלויכט־רעפּובליק, האַרט פֿאַרן סוף פֿון 18־טן יאָרהונדערט — איז דער דאָזיקער באַרבאַרישער מנהג אינגאַנצן אַוועקגעפֿאַלן.

פּאַראַדאָקסאַל זענען די קאָנסעקווענצן, לויט וועלכע די ווענעציער יידן האָבן מיט אַ רעליגיעזער ערפֿורכט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן דעם געלן, אָדער רויטן הוט. אָנהויבנדיק פֿון 17־טן יאָרהונדערט, איז ער געוואָרן צו אַ טראַדיציאָנעלן קאָפּ־צודעק פֿון די שמשים אין די סינאַגאָגעס. ווען די פֿאַרפֿליכטנדיקע פֿאַראָרדענונגען זענען סוף־כּל־סוף פֿאַרגעסן געוואָרן, זענען אַ גרויסע צאָל ראַבינערס געבליבן צוגעבונדן צו דער אָפּצייכענונג, וועמענס ציל עס איז געווען זיי גאָר צו דערנידעריקן.

די געשיכטע איז רייך מיט אַ געוויסער צאָל ביישפּילן פֿון אָפּצייכנס, פֿון מנהגים און אַפֿילו צונעמענישן, וועלכע זענען איינגעפֿירט געוואָרן מיטן ציל צו באַליידיקן און דערנידעריקן אַ מינדערהייט, אָדער אַן אונטערדריקט פֿאָלק, און וואָס איז לסוף דערהויבן געוואָרן צו אַ צייכן פֿון אחדות און צו אַ גלאָריע־טיטל.

די „שלעפּערם" פֿון רעוואָלטירטן פֿלאַנדריע, האָבן זיך דען אַליין נישט מיט שטאָלץ אַ נאָמען געגעבן „וואַלד־שלעפּערם" און „ים־שלעפּערם"?

מיר ווייסן, מיט וואָס פֿאַר אַ צוגעבונדנקייט די כינעזער האָבן זיך געקלאַמערט אינם טראָגן פֿון זייער צאָפּ, און מיט וואָס פֿאַראַ שווועריקייטן עס איז אָנגעקומען די רעפֿאָרמאַטאָרן פֿון יונגן כינע — און וועלכע שוועריקייטן זיי האָבן

נאָך היינט — צו ווירקן, אַז דער דאָזיקער מנהג זאָל פאַרלאָזן ווערן; מיר ווייסן נאָך אפשר ווייניקער, אַז דער צאַפּ איז אויף זיי אַרויפגעצוואונגען געוואָרן, מצד דעם באַזיגער, צום צייכן פון דערנידעריקונג — בעת דער דעראָבערונג פון מאַנדזשו.

ווי אַזוי האָט אויסגעזען די רעאַקציע מצד די יידן אין פראַנקרייך, בעת מען האָט זיי אין סאַמע מיטן פון 20־טן יאָרהונדערט, אויפגעצוואונגען דאָס טראָגן פון דער געלער לאַטע און ווי אַזוי אַ גרויסער טייל פון צווישן זיי, האָט זי אָנגעטאָן מיט קוראַזש און מיט שטאָלץ, וועלן מיר זען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען. דער מאָדערנער סאָציאָלאָג, דער פּסיכאָאַנאַליטיקער, וועט קאָנען רעדן וועגן דער „אַמביוואַלענטער" רעאַקציע, לויט וועלכער דער זין און דער באַגריף פון „הייליק" האָט אָפּטמאָל געהאַט — אַזוי ביי אַלע צייטן און ביי אַלע פעל־קער — די טאָפּלטע באַדייטונג פון „פאַרשאָלטן" און „פאַרהייליקט". עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו מאַכן אַ פאַראַלעל: ער שטייגט איבער אונזער קאָמ־פּעטענץ. פּשוט געזעדט, מיר שטעלן פעסט, אַז עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ געזונטער און נאָבעלער רעאַקציע פון פאַרטיידיקונג און פון שטאָלץ.

## 1939: די געלע לאַטע אין פּוילן

1939, דאָס יאָר 6 פון דער היטלער־עפּאָכע, איז אַן עדות פון אויפלעבן דעם שאַנד־צייכן. עס טרעפט, אַז אין לויף פון גרויסע היסטאָרישע אַנטוויקלונ־גען, זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע קיינער זעט נישט דערשיינען אויף דער פאָ־דער־סצענע און וועלכע זענען אַלע מיטבירגער אומבאַקאַנט, וועמענס ראָל אָ־בער, זעט זיך שפּעטער אַרויס אַלס די ווירטיקסטע. די צוקונפטיקע היסטאָרי־קער וועלן זיך נישט ווייניק האָבן צו באַשעפטיקן מיטן שטורמבאַנפירער אַדאָלף אייכמאַן.

אייכמאַן איז געווען דער שעף פון דער סעקציע 4 ב ביים ר. ס. ה. א. — אַ סעקציע, וועלכע איז געווען ספּעציעל געווידמעט יידישע פראַגן. ביי דער זייט פון היטלער, פון הימלער, שפּילנדיק די זעלבע ראָל ווי זיי, אָבער זייענדיק דערין מער דירעקט באַטייליקט — איז ער דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר די יידן־אויסראָטונגען אין אייראָפּע. זעקס מיליאָן מענטשלעכע לעבנס, ער האָט זיך דער־פון אָפּגעבן אַ גענויען חשבון!

„... לאַכנדיק, וועל איך אַריינשפּרינגען אין קבר אַריין, ווייל דאָס געפיל פון צו האָבן אויפן געוויסן פינף מיליאָן מענטשן — וואָלט פאַר מיר געווען דער קוואַל פון אַן אויסערגעוויינטלעכער באַפרידיקונג" — האָט ער פאַרטרויט פאַר זיין קאָלעגע, ווייסליצעני. (1) —

(1) — עדות־זאָגן פון ד. ווייסליצעני. פּראָטאָקאָל פון אינטערנאַציאָנאַלן מיליטערישן טרי־בונאַל אין נירנבערג. סעאַנס פון 3־טן יאַנואַר, 1946. אייכמאַן רעדט פון „פינף מיליאָן". אין דער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען דאָס געשפּרעך, וואָס ווערט דערמאָנט דורך ווייסליצעני (עטלעכע חדשים פאַר דער דייטשער מפּלה), איז דער דאָזיקער ציפער גאָר נאָענט פון דער ווירקלעכקייט.

אייכמאַן האָט געהאַט די געוואוינהייט צוזאַמענצורופן, פון צייט צו צייט, זיצונגען פון זיינע מיטאַרבעטער, די „יידישע ספּעציאַליסטן" (יודענרעפערענטן) פון פאַרשידענע לענדער. אויף אָט די צוזאַמענקונפטן זענען עס אָנגענומען געוואָרן די הויפּט־באַשלוסן, וועלכע זענען שפּעטער ראַטיפיצירט געוואָרן דורך די מיליטערישע אַדמיניסטראַציעס און די רעגירונגען פון פאַרשידענע לענדער. און דער „שאַנדהאַפטיקער אָפּצייכן" ווערט ווידערגעבוירן דעם 23־טן נאָוועמבער 1939, אינם טאָג ווען דער פּוילישער גענעראַל־גוווערנעמענט פאַרעפנטלעכט דעם דעקרעט, וועלכער איז צוגעגרייט געוואָרן אין דער סעקציע ב 4, און וואָס באַציט זיך אויף דעם „אָנווייזן פון די יידן און פון די יידישקעס".

אָט איז דער נוסח פונם דעקרעט :

1. אַלע יידן און יידישקעס זענען געצוואונגען צו טראָגן אַ ווייסן אָרעם־באַנד פון 10 צענטימעטער די ברייט, וויניקסטנס — אויף דעם רעכטן אַרבל פון זייערע מלבושים, אָדער אויבערמאַנטלען, אָנהויבנדיק פון 1־טן דעצעמבער אָן.
2. די יידן און די יידישקעס וועלן זיך אַליין פאַרשאַפן די אָרעם־בענדער און וועלן אָנטאָן די אַנטשפּרעכנדיקע אויפשריפטן.
3. 1) — די, וועלכע וועלן עובר זיין אויפן דאָזיקן דעקרעט, וועלן ווערן באַשטראָפט מיט תפיסה.
2) די ספּעציעלע טריבונאַלן זענען קאָמפּעטענט צו דעם צוועק.
4. די באַשטימונגען פון אָט דער אָנווענדונג וועלן פאַרעפנטלעכט ווערן דורך דעם דירעקטאָר פון דער אינערלעכער אַדמיניסטראַטיווער סעקציע.

קראָקע, דעם 23־טן נאָוועמבער 1939.

אונטערגעשריבן : פראַנק,
הויפּט־גוווערנער
פאַר די פּוילישע אָקופּירטע געביטן

עס האַנדלט זיך, אַלזאָ, אויף די פּוילישע טעריטאָריעס, וועגן אַן אָרעם־באַנד און נישט וועגן אַ מגן־דוד, אין אייגנטלעכן זין. דער מגן־דוד איז רעזערווירט פאַר די יידישע געשעפטן און אונטערנעמונגען אויפן סמך פון אַ צווייטן דעקרעט, וואָס ווערט פאַרעפנטלעכט צו דער זעלבער דאַטע.

אין די פּוילישע געביטן, וועלכע זענען אַנעקסירט געוואָרן דורך דייטשלאַנד, האָבן די נאַציס אויפגעצוואונגען אויף די יידן, אייגנטלעך, צוויי לאַטעס : „איינע פון דער לינקער זייט ברוסט, צוגענייט צום בגד, און די צווייטע, פון דער רעכטער זייט אויפן רוקן".

דעם ערשטן סעפּטעמבער 1941, איז דאָס זעלבע מאָסמיטל אויסגעבריי־

טערט געוואָרן אויף די דייטשע יידן, אויף דער גאַנצער טעריטאָריע פון דריטן רייך. די דייטשן זענען געווען באַצייכנט אַלס א „קולטור־פאָלק", ד. ה. א ציווילעזירט פאָלק: דאָסמאָל האָט זיך געהאַנדלט בלויז וועגן איין לאַטע צו טראָגן אויף דער ברוסט. עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז דער שאַנד־צייכן איז געווען באַגרענעצט נישט בלויז צו די יידן אַליין. אויפן שטח פון היטלער־דייטשלאַנד, זענען אויך פאָליאַקן און ציגיינער געווען אונטערגעוואָרפן צו טראָגן אַן אָפּצייכן, אָדער אַן אָרעם־באַנד.

אומעטום, וואו נאָר די היטלעריסטישע מחנות זענען אַריינגעדרונגען, האָט באַלד — פריער אָדער שפּעטער, נאָכגעפאָלגט דאָס דערשיינען פון די דערמאָנטע עמבלעמען, מיט געוויסע ענדערונגען אין די פּרטים, לויט דער פאַנטאַזיע פון די לאָקאַלע פּאָליציייִשע פּאָטענטאַטן. אַזוי אַרום, האָט אין גריכנלאַנד, וואו די געלע לאַטע „צו טראָגן אויף דער ברוסט, לינקס, נעבן האַרץ" — איז איינגעפירט געוואָרן אין פעברואַר 1943, נישט אַנטהאַלטן קיין שום אויפשריפט, נאָר בלויז א לויף־נומער, ווייל אַלע יידן זענען פאַרשריבן געוואָרן „אויף א ליסטע פון זיך נאָכפאָלגנדיקע נומערן". 1) —

1) — באַפעל פון „זיכערהייטסדינסט פון טהעססאלאניק" פון 12־טן פעברואַר 1943, אונטערגעשריבן וויסליצעני. (* „אין מעמאָריום", זאַמלונג, פאַרעפנטלעכט אונטער דער דירעקציע פון ה׳ מאלקא, ראַבינער פון דער סאַלאָניקער געמיינדע (1948).

# דאָס איינפירן די געלע לאַטע אין פראַנקרייך

וואָס אַנבאַלאַנגט מערב־אייראָפּע, איז דער פּרינציפּ פון אָט דעם מאָסמיטל אָנגענומען געוואָרן אויף דער זיצונג, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אין בערלין דורך אייכמאַנען, דעם 4־טן מערץ 1942.

אין פראַנקרייך, האָבן זיך צוויי מענער באַזונדערס אויסגעצייכנט ביים אויסאַרבעטן און איינפירן די אַנטי־יידישע מאָסמיטלען. זייערע נעמען וועלן זיך כסדר איבערחזרן אין די פאָלגנדיקע קאַפּיטלען פון אונזער בוך. דאָס זענען: דער ס. ס.־שטאַנדאַרטענפירער קנאָכען, דער שעף פון די ס. ד. אין פראַנקרייך און דער ס. ס.־האַופּטשטורמפירער דאַנעקער, דער שעף פון דער „יידישער סעקציע" ביי דער ס. ד.

דער דייטשער הויפּט־הענקער אין פראַנקרייך איז געווען אַן אינטעלעקטועלער. דאָס איז אַ טיפּישער פּראָדוקט פון דייטשלאַנד, נאָך 1918. העלמוט קנאָכען איז געבוירן געוואָרן אין פראַנקפורט אין אַ פאַמיליע פון לערערס, אין יאָר 1910. ער מאַכט אַדורך אַ געוויסע צייט אַן אָנהענגער פון דער סאָציאַליסטישער אידיי, לסוף שליסט ער זיך אָן אין דער נאַצי־פּאַרטיי. אַליין אַ דאָקטאָר־פילאָזאָפיע פון מאַגדעבורגער אוניווערזיטעט, ווערט ער רעדאַקטאָר פון ד. נ. ב. (דויטשעס נאַכריכטען־ביוראָ) און טרעט שפּעטער אַריין אין דער סעקציע 7 („פאָרשונגען און וויסנשאַפטלעכע דאָקומענטאַציע") פון דער ס. ד., וועלכע איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון איינעם פון זיינע אַמאָליקע פּראָפעסאָרן — פּראָפעסאָר סיקס. ער איז ספּעציעל באַאויפטראַגט געוואָרן צו האָבן אַן אויפזיכט איבער די דייטשע עמיגראַנטן און, צו דעם צוועק, האָט ער געהאַט זיינע אַגענטן אין האָלאַנד און אין דער שווייץ. מיט דער הילף פון איינעם פון זיינע אַגענטן, האָט ער אָנגעפירט מיט דער באַרימטער אַקציע, וועלכע האָט גורם געווען אין 1940, צו פאַרכאַפּן אין ווענלאָאָ, אויף דער דייטש־האָלענדישער גרענעץ — די צוויי ענגלישע אָפיצירן, סטעווענס און בערט. די דאָזיקע געלונגענע אַרבעט האָט אים געוואונען דעם אייזערנעם קרייץ און האָט דעצידירט וועגן זיין וויטערדיקער קאַריערע. אָנהויבנדיק פון יולי 1940, געפינען מיר אים אין פּאַריז. צוערשט זייענדיק דירעקט אָפּהענגיק פון מיליטערבעפעהלסהאַבער, אַרבעט ער שפּעטער, פון מאַי 1942, אונ־

טער די באפעלן פון גענעראל אבערג, דעם אויבער־שעף פון די ס. ס. און פון דער פראנצויזישער פאליציי.

אין יאנואר 1947, איז העלמוט קנאכען ארעסטירט געווארן דורך דער אמע־ריקאנער אקופאציע־מאכט און איז איבערגעגעבן געווארן אין די הענט פון דער פראנצויזישער גערעכטיקייט. די, וועלכע עס איז אויסגעקומען אים אויסצופארשן, האבן אים אונז געשילדערט ווי א בלאנדן, שטילן יונגענמאן, פון אן אומצווייפל־האפטער קולטור. ביי דער אויספירונג פון זיינע פונקציעס, האט קנאכען, פון זיין זייט, אנגעווענדעט מעטאד און גרויס פליים, מיטן צוועק אנטקעגנצו־קומען די כוונות פון הימלערן — „די ענטגילטיקע לייזונג" פון דער יידנפראגע; גייענדיק נאך ווייטער, פלעגט ער אננעמען פערזענלעכע איניציאטיוון, פון וועל־כע די וויכטיקסטע זענען צו פארצייכענען — די אטענטאטן אויסגעפירט קעגן 7 פאריזער סינאגאגעס, אין אקטאבער 1941; אטענטאטן, וועלכע ער אליין האט צונויפגעשטעלט און אויסגעפירט, אן דעם וויסן און קעגן דעם ווילן פון זיין דירעקטן הויפט־שעף, דעם מיליטערבעפעהלסהאבער אין פראנקרייך. דער לעצ־טער האט טאקע געפאדערט, אז מען זאל אים צוריקרופן פון זיין פאסטן; היידריך, דער אנפירער פון די ס. ד., האט זיך אנטקעגנגעשטעלט און אזוי ווי זיין ווילן איז אנגעגאנגען פאר א געזעץ, איז קנאכען פארבליבן אויף זיין פאסטן ביז צום סוף.

דאנעקערן, וועלכער שטאמט פון טהורינגן, האט די אלירטע מאכט נישט געקאנט אפגעפינען. א דארער און א לאנגער, מיט שארפע געזיכטסשטריכן, האט ער מיט זיך פארגעשטעלט דעם אמתן פראטאטיפ פון א נאצישן מערדער. די דערנידעריקונגען און דיליידן פון די אומגליקלעכע, וועלכע זענען געווען אונ־טערגעווארפן אונטער זיין מאכט, האבן אים פאראורזאכט א בולטע הנאה און זיין מאראלישער סאדיזם האט זיך, ביי דער געלעגנהייט, געפארט מיט א פיזישן סאדיזם. א חוץ דעם, אלס צעלאזענער לעב־יונג און געשעפטסמאכער, איז אים געלונגען אריינצוכאפן אין זיינע הענט פארשידענע פאריזער נאכט־קאבארעטן, וואס האט — אויף די פאדערונגען פון קנאכען אליין — גורם געווען, אז מען זאל אים טוישן דעם פאסטן אין אקטאבער 1942. ער איז איבערגעפירט געווארן, כסדר נאך אלס „ספעציאליסט פון יידישע פראגן" — קיין בולגאריע; שפעטער פארלירט מען זיין שפור. (1)

מען דארף נאך דא דערמאנען דעם נאמען פון קארלטהעא צייטשעל, ראט־געבער פון דער געזאנדטשאפט אין דער דייטשער אמבאסאדע. קיין שום מאטיוו אין זיינע אפיציעלע פונקציעס, האט נישט געשטויסן קארלטהעא צייטשעל זיך

---

(1) דאנעקער איז, אין פאריז, פארטרעטן געווארן דורך זיין געהילף, רעטהקע, א פאר־שוין פון קלענערער באדייטונג. פאראלעל צו רעטהקעס אפטיילונג, איז אנטשטאנען אן ענלעכע אפטיילונג, אונטער דער אנפירונג פון אלויאיז ברוננער, דער טרויעריק־באקאנטער אכזר פון דראנסי, וועלכער האט געארבעט אומאפהענגיק פון קנאכענען, באקומענדיק זיינע באפעלן די־רעקט פון בערלין.

צו פאַרנעמען מיט דער יידן־פראַגע. זעט אויס, אַז זיין נאַטור האָט אים דערצו באַוואויגן. און ער האָט זיך טאַקע דערמיט פאַרנומען מיט אַן אומדערמידלעכן פליים, באַאיינפלוסנדיק, מסרנדיק, מיט עקשנותדיקער צודרינגלעכקייט... צוויי דינסט־צעטלען פון זיין האַנט באַווייזן, אַז ער איז עס געווען דער ערשטער, וועלכער האָט, באַזונדערס, געלויבט דעם פּראָיעקט פון דעפּאָרטירן אויף מזרח, די יידן פון מערב־אייראָפּע. דער סטיל שילדערט דעם מענטש: און אָט איז, כדי צו געבן אַ בילד פון צייטשעלן, אַ מוסטער פון זיין סטיל:

## דער פאָרשטייער פון דער דייטשער אַמבאַסאַדע
## ביי דער הויפּט־דעלעגאַציע
## פון דער פראַנצויזישער רעגירונג

פּאַריז, דעם 30 מערץ, 1942.

## נאָטע
## פאַר דעם ה׳ מיניסטער שלייער,

איך וועט געפינען דאָ בייגעלייגט, דעם אָריגינאַל פון אַ בריוו פון ציווילן קאַבינעט פון מאַרשאַל, אונטערגעשריבן פון ה׳ די מור־לען דע לאַ באַרטהעט, אַ דאַנק וועלכן דער לעצטער בעט די באַפרייאונג פונם ייד, פּיער מאַס.

וואָס שייך, ווער עס איז די פּערזאָן פון ייד, פּיער מאַס, איז ער, אומגעפער, דער מנוולדיקסטער פאַרשוין פון אַלע אינטערניר־טע יידן, ווי אויך דער געעפּרלעכסטער פאַר דער געמיינדע, און בלויז, אַ דאַנק זיין טיפער עלטער, האָט ער אויסגעמיטן די לעצטע טעג, דעפּאָרטירט צו ווערן אין מזרח.

אַן אינטערווענץ מצד דער אַמבאַסאַדע, ביי דער ס. ד., וואָלט געווען לחלוטין אומנויטיק, ווייל אָט די בקשה פון באַפרייאונג וועט נישט אָנגענומען ווערן, נישט דורך דער ס. ד., נישט דורכן מילי־טערישן קאָמענדאַנט, וואו מאַס איז שוין צו גוט באַקאַנט.

אַזוי ווי דאָס איז טאַקע ה׳ די מולען, וועלכער אינטערווענירט לטובת דעם דאָזיקן ייד, וואָלט איך געווען זייער דאַנקבאַר, ווען מען זאָל, ביי דער געלעגנהייט נישט נאָר שאַרף אָפּזאָגן די באַפריי־אונג פון פּיער מאַס, אין אַ נאָטע צו ה׳ דע ברינאָן, נאָר אויך אויסדריקן גלייכצייטיק די פאַרוואונדערונג פון דער אַמבאַסאַדע, פונם פאַקט, וואָס אַזאַ הויכע אינסטאַנץ, ווי עס איז דער ציווילער קאַבינעט פון מאַרשאַל, זאָל אינטערווענירן לטובת אַזאַ ספּעציעל אָפּשטויסנדיקן יידן, וועגן וועלכן אַלע ווייסן, אַז ער איז אַ העפּטי־

קער אגיטאטאָר פון „פראָנט פּאָפּולער", א שוואַרץ־הענדלער פון אַלץ, וואָס מען וויל און א באקאנטער אנטי־דייטשער פּראָפּאַגאַנ־דיסט.

אונטערגעשריבן: **צייטשעל**

אין פּרינציפּ זאָל עס דאָ דערמאָנט ווערן, איז די ס. ד. געווען היעראַרכיש אונטערגעוואָרפן דער מיליטערישער אדמיניסטראַציע, און די אנטי־יידישע מאָס־מיטלען האָבן געדאַרפט אָנגענומען ווערן מיט א בשותפותדיקן הסכם צווישן מיליטערבעפעהלסהאבער, דער אמבאַסאַדע און דער ס. ד.; וועכנטלעכע קאָנפער־ענצן פלעגן צוזאַמענגנעמען יעדן דינסטיק, אין הויפּט־זיץ פון דער ס. ד., די פאָרשטייער פון אָט די דריי אדמיניסטראַציעס. אין דער ווירקלעכקייט — מיט אויסנאַמלעכע געוויסע פאַלן — האָבן די ערשטע צוויי אינסטאַנצן געשפּילט א ריין־פּאַסיווע ראָל. די ס. ד. פלעגט באַשליסן און אויספירן; די אמבאַסאַדע האָט ראַטיפיצירט און די מיליטערישע אדמיניסטראַציע האָט פאַרעפנטלעכט; „מיר וועלן כסדר און אומבאַשטרייטבאַר פאַרזיכערן די אָנפירונג" (דאַנעקער, ראַפּאָרט פון 22־טן פעברואַר 1941).



די ערשטע זאָרג פון קנאָכען און דאַנעקער איז געווען צו באַקומען א „סינ־כראָניזאַציע", ד. ה. — דערפירן דערצו, אז די דערמאָנטע מאָסמיטלען זאָלן גלייכצייטיק אָנגענומען ווערן אויף די פאַרשידענע אָקופּירטע טעריטאָריעס: פראַנקרייך, בעלגיע, האָלאַנד. זיי האָבן דעריבער איינגעלאַדן קיין פּאַריז, אויף דעם 14־טן מערץ 1942, א זיצונג פון די אנטשפּרעכנדיקע יודענרעפערענטן פון די דערמאָנטע דריי טעריטאָריעס.

אָט איז דער טעקסט, וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרן גלייכצייטיק, קיין בריסעל און אַמסטערדאַם:

**IV J SA 221 b**
**Dan/Bir**

פּאַריז, דעם 10־טן מערץ, 1942.

**צו דער דינסט־אָפּטיילונג אין בריסל**
**שטורמבאַנפירער אוללערס**

ענין: אָפּצייכן פאַר די יידן.

רעפערענץ: צוזאַמענקונפט פון די ספּעציאַליסטן פאַר יידישע פראַגן, אין בערלין, דעם 4־טן מערץ 1942.

**R. F. SS**

**Sicherheits-Dienst**

Nachrichten-Uebermittlung

| Aufgenommen | Befördert | Raum für Eingangsstempel |
|---|---|---|
| Tag Monat Jahr Zeit | Tag Monat Jahr Zeit 11. MRZ. 1942 2115 | |
| von durch | an durch | |
| | Verzögerungsvermerk | |

Telegramm — Funkspruch — Fernschreiben — Fernspruch

IV J SA 227 b
Dan/Bir

Paris, den 10.3.1942

An die
Dienststelle Brüssel

B r ü s s e l

Betr.: Kennzeichnung der Juden.
Vorg.: Tagung der Judenreferenten am 4.3.1942 in Berlin.

Wie bereits in Berlin besprochen erscheint es zweckmässig, die Kennzeichnung der Juden gleichzeitig in den besetzten niederländischen, belgischen und französischen Gebieten durchzuführen.

Als Termin für die Besprechung, an der auch der Judenreferent der Außenstelle Amsterdam teilnehmen wird, habe ich Sonnabend, den 14.3.1942 vorgesehen.

Ich bitte um Einverständniserklärung und Bekanntgabe des Eintreffens.

Dr. Knochen

פאַקסימיליע פונם בריוו פון 10־טן מערץ 1942, אונטערגעשריבן ד״ר קנאָכען.

אין הסכם מיטן אָנגענומענעם באַשלוס אין בערלין, איז צוועק־מעסיק איינצופירן דעם קענצייכן פון די יידן, איינצייטיק אויף די האָלענדישע, בעלגישע און פראַנצויזישע באַזעצטע טעריטאָריעס.

איך האָב אויסגעקליבן דעם 14־טן מערץ, אַלס דאַטע פאַר דער קאָנפערענץ, אין וועלכער עס וועט זיך אויך באַטייליקן אַ יור־דענרעפערענט פון אַמט אין אַמסטערדאַם.

איך בעט אייך מיר באַקאַנט צו מאַכן אייער צושטימונג און מיך צו אינפאָרמירן וועגן דער דאַטע פון אייער אָנקומען.

אונטערגעשריבן : **ד"ר. קנאָכען**

פונדעסטוועגן, איז די זיצונג פאָרגעקומען אין דער אָפּוועזנהייט פון דעם האָלענדישן פאָרשטייער. דער פּראָטאָקאָל, דאַטירט פון 15־טן מערץ 1942, און אונטערגעשריבן דורך דעם ס. ס.־אָבערשטורמפיהרער אַשע פון בריסל, און דורך דעם ס. ס.־האויפּטשטורמפיהרער דאַנעקער אין פּאַריז, באַריכטעט אַז :

אויף דער קאָנפערענץ פון 14־טן מערץ 1942, איז אַנוועזנד געווען דער אָבערשטורמפיהרער אַשע, פון דער דינסטשטעלע אין בריסל, אינדערצייט וואָס דער ס. ס.־שטורמבאַנפיהרער לאַגעס פון אַמסטערדאַמער אָפּטיילונג, האָט זיך אַנטשולדיקט, צוליב דעם וואָס די אָפּוועזנקייט פון זיין פאַרטרעטער האָט אים נישט דערלויבט צו פאַרלאָזן אַמסטערדאַם.

שפּעטער, האָט דער ס. ד. פון האָלאַנד כסדר געהאַנדלט אויף זיין אייגענעם חשבון און, סוף־כל־סוף, איז דאָס טראָגן די געלע לאַטע איינגעפירט געוואָרן אין האָלאַנד, דעם 27־טן אַפּריל 1942, מיט זעקס וואָכן פריער, ווי אין פראַנק־רייך און אין בעלגיע.

דער פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג לייענט זיך ווייטער אַזוי :

וועגן ענין פון דעם אָפּצייכן פאַר יידן, זענען אָנגענומען גע־וואָרן די פאָלגנדיקע פּונקטן :

א) — אין דער פאַראָרדענונג, וועלכע וועט פאַרעפנטלעכט ווערן אין די באַזעצטע געביטן פון האָלאַנד, בעלגיע און פראַנקרייך, וועלן נישט קומען אין באַטראַכט קיין שום אָפּווייכונגען : עס וועט בלויז זיין די פראַגע פון „יידן" צוגלייך ווי אין די איבעריקע פאַר־**אָרדענונגען.**

ב) — די געלע לאַטע (אומגעפער 10 קוו. צמ.), אַזוי ווי זי ווערט אָנגעווענדט אין דייטשלאַנד, וועט געברויכט ווערן מיט דער אויפשריפט פון דער לאַנד־שפּראַך ; זי וועט זיין צווייִשפּראַכיק אין בעלגיע.

ג) — די אַמבאַסאַדע פון דייטשלאַנד אינפאָרמירט אונז, אַז זי, פון איר זייט, האָט גאָר נישט אויסצוזעצן קעגן דעם, אַז די פאַר־אָרדענונג זאָל דערמאָנען בלויז וועגן די „יידן", נישט אויסרעכע־נענדיק די אָפּווייכונגען לגבי געוויסע נאַציאָנאַליטעטן.

אויב, אין באַזונדערע פאַלן, איז אוממעגלעך אויסצומיידן אַ ספּעציעלן אָפּמאַך מיט איינעם אָדער אַ צווייטן פון די פאַראינטע־רעסירטע לענדער — וועט דאָס דערמאָנט ווערן אין אַ קאָמוניקאַט, דורך אַן אינערלעכן אַדמיניסטראַטיוון צירקולאַר, נישט פאַרעפנט־לעכנדיק קיין אָפיציעלע מודעה.

ד) — געמישטע חתונות וועלן נישט גענומען ווערן אין אַכט. דער יידישער אָפּשטאַמיקער וועט טראָגן די לאַטע.

עס איז אונטערצושטרייכן, אַז די לעצטע תקנה איז וויכטיגער, ווי דאָס געזעץ, וואָס איז אָנגעווענדט געוואָרן אין דייטשלאַנד גופא, וואו דער יידישער מאַן פון אַ געמישטער חתונה איז באַפרייט געוואָרן פון טראָגן די לאַטע, אויב עס זענען געווען קינדער; די יידישע פרוי איז בכלל נישט געווען פאַרפליכטעט צו טראָגן די לאַטע.

דער ראַפּאָרט פאַרענדיקט:

... די דינסטשטעלע אין אַמסטערדאַם וועט טעלעגראַפיש אינ־פאָרמירט ווערן און וועט געבעטן ווערן באַקאַנט צו מאַכן איר שטע־לונג, ווי צום שנעלסטן.

דער 15־טער מערץ איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָוויזאָרי־שע דאַטע. אַ דעפיניטיווע דאַטע וועט באַשטימט ווערן נאָכדעם, ווי עס וועט קומען צו אַן ענטגילטיקער פאַרשטענדיקונג צווישן די דריי פאַראינטערעסירטע דינסט־אַמטן.

אין אַלגעמיין, איז דאָס איינפירן פון דער יידישער אָפּצייכע־נונג אויף די דערמאָנטע מערב־טעריטאָריעס, אַן עטאַפּ אין די ראַ־מען פון דער לייזונג פון דער אייראָפּעאישער יידן־פראַגע. דעריבער איז אומנויטיק צו דערקלערן די מאָטיוון, עווענטועל אונטער דער פאָרעם פון אַן איינלייטונג צו דער פאַראָרדענונג.

אָבער דאָך, שליסט דאָס נישט אויס די פאָרבאַרייטונג דורך אַ פּראָפּאַגאַנדע־וועג.

וואָס שייך די שטראָף־תקנות, דאַרף מען פאָרויסזען, אין פּרינ־ציפּ, תפיסה־שטראָפן און געלט־שטראָפן. אין יעדן פאַל, דאַרף מעג־לעך זיין אַן אינטערנירונג אין אַ יידישן קאָנצענטראַציע־לאַגער.

אין רעזולטאַט זענען פאָרויסצוזען פאָלגנדיקע שטראָפן:
דאָס עובר זיין אויף דער פאַראָרדענונג פאַלט אַרונטער אונ־

מער תפיסה־שטראָף און געלט־שטראָף, אָדער אונטער איינער פון די ביידע שטראָפן. עס קען פּאָרויסגעזען ווערן די אינטערנירונג אין אַ יידן־לאַגער.

פּאַקטיש, וועלן זיך די דייטשע טריבונאַלן נישט פאַרנעמען מיט די ענינים. די שולדיקע וועלן דעריבער אינטערנירט ווערן אין אַ קאָנ־צענטראַציע־לאַגער. עס ווערט פּאָרויסגעזען די צוגרייטונג פון קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן פאַר די שולדיקע אין עובר זיין אויף דער פאַר־אָרדענונג.

די דריי דינסט־אַמטן וועלן זיך קעגנזייטיק אינפאָרמירן וועגן אַלע עווענטועלע נייע מיינונגען, ווי אויך וועגן די פאַרשידענע אומ־באַקעמפבאַרע שוועריקייטן.

אַזוי ווי אונז ווערט באַקאַנט פון קנאָכענס ראַפּאָרט, פון 20־טן מערץ 1942, איז נאָך פאַראַן אַ לעצטע שטערונג צו באַקעמפן:

... וואָס אַנבאַלאַנגט דעם איינפירן פון דער געלער לאַטע אין בעלגיע, זענען מיר דאָ היינט געוואויער געוואָרן, אַז דער שעף פון דער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע, ס. ס.־בריגאַדעפיהרער רעדער, האָט דערקלערט אַז, פון זיין זייט, זעט ער נישט קיין שום נויטי־קייט איינצופירן דעם יידישן אָפּצייכן. אין זיין סעקטאָר וועט ער געבן זיין הסכמה, אויב ער וועט באַקומען דעם באַפעל פון העכערן אַמט...

דאָס אַנטקעגנשטעלן זיך פון רעדערן איז, ווי עס ווייזט אויס, גלייך באַ־קעמפט געוואָרן, ווייל אין די ווייטערדיקע דאָקומענטן ווערט שוין דער ענין געלע לאַטע בכלל נישט דערמאָנט און ווייל פאַקטיש איז די געלע לאַטע איינ־געפירט געוואָרן אין בעלגיע צו דער זעלבער דאַטע, ווי אין פראַנקרייך.

## פּאָליטישע איבערעכענונגען און דיפּלאָמאַטישע שוינונגען

די דאַטע פון 15־טן מערץ 1942, וועלכע איז פרימיטיוו באַשטימט געוואָרן פאַר דער איינפירונג פון דער געלער לאַטע, איז פילמאָל אָפּגעלייגט געוואָרן. די סיבות דערצו זענען געווען צאָלרייכע: טעכנישע קאָמפּליקאַציעס, אַדמיניסטראַ־טיווע קאָמפּליקאַציעס, די נויטווענדיקייט פון פאַרשטענדיקן זיך מיטן מיליטער־בעפעהלסהאַבער און מיט דער אַמבאַסאַדע; פּילמאָליקע פּרוּאוון פון דער אַנדע־רער זייט, צו ווירקן אַז די דאָזיקע מאָסנאַמען זאָלן פאַרעפנטלעכט ווערן דורך דער ווישי־מאַכט, אויף אַן אָפיציעלן וועג.

דער לעצטער פּונקט פאַרדינט אונזער ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט: דאָס אַלץ איז גענוג כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם קלימאַט פון דער דעמאָלטדיקער עפּאָכע. מיר זעען אין דער צייט, ווען אָט דער מאָדנער פּאַרשוין, ווי עס איז געווען קסאַוויע וואַלאַ — ווערט פּלוצים דערווייטערט דורך ווישי, פון זיין פּאָסטן אַלס גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר יידישן פראַגן. דער דאָזיקער שריט איז אָנגענומען געוואָרן אין רעזולטאַט פון די רייבונגען צווישן אים און די דייטשן, מיט וועלכע דער דאָזיקער פאַרהאַרטעוועטער אַנטיסעמיט, וואָס האָט מיט שטאָלץ געשריגן צו דאַנעקערן: „איך בין אַ פיל עלטערער אַנטיסעמיט פון אייך! איך וואָלט געקענט זיין אייער פאָטער!" (1) — האָט נישט געקענט לעבן בשלום.

אַ דאַנק זיין אָפּרופן אים פון פּאָסטן, וואָס איז אויפגעצוואונגען געוואָרן דורך די ס. ד., איז געוואָרן וואַקאַנט זיין פּלאַץ. דער אַדמיראַל דאַרלאַן אין ווישי שפּילט זיין טאָפּלטע ראָל. דעם 31־טן מערץ 1942, שרייבט ער צום מיליטער־בעפעהלסהאַבער (מיט אַ קאָפּיע פאַר דאַנעקערן):

... אין הסכם מיט אַ קאָמוניקאַט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מצד דעם אַמיראַל דאַרלאַן צום אַמבאַסאַדאָר דע בריגאָן, איז שוין דער קאָמיסאַר פאַר יידן־פראַגן, וואַלאַ — אָפּגערופן געוואָרן פון זיין פּאָסטן.

וואָס אַנבעלאַנגט זיין נאָכפאָלגער, איז נאָך וועגן דעם קיין באַשטימטער באַשלוס נישט אָנגענומען געוואָרן, אָבער די אַמבאַסאַדע האָט אויפסניי געמאַכט אַ דרינגנדע ווענדונג, דורך דער פאַרמיטלונג פון אַמבאַסאַדאָר דע בריגאָן, אַז מען זאָל נישט אָנגעטרויען דעם פּאָסטן אַזאַ מין פּאַרשוין, ווי עס איז וואַלאַ, וועלכער האָט זיך גיכער פאַרוואַנדלט אין אַ „קאָמיסאַר — מליץ־יושר פאַר די יידן", אָנשטאָט צו באַטראַכטן זיינע פונקציעס פון שטאַנדפּונקט — מאָסנאַמען קעגן יידן.

עס איז מער ווי וואַרשיינלעך, אַז אַלס נאַכפאָלגער זאָל באַשטימט ווערן דער ראַטמאַן דאַרקיע דע פּעלעפּואַ.

אין דעם פאַל, קאָן מען האָפן, אַז אינגיכן וועלן אָנגענומען ווערן קעגן די יידן ראַדיקאַלע און קלאָרע מאָסנאַמען, און אַז אַ דאַנק אַ מער אַקטיווערער פּראָפּאַגאַנדע, וועט די פראַנצויזישע באַפעלקערונג זיין מער אויפגעקלערט אין באַצוג צום יידישן פּראָבלעם, בכדי אין דער נאָענטסטער צייט, זאָל זי זיין מער רייף אויף אַריינצו„שלוקן" (1) — דאָס איינפירן פון דער געלער לאַטע, נישט אַרויסרופנדיק דערביי קיין אומגעוואונטשענע רעאַקציעס.

מען קאָן האָפן, אַז אין עטלעכע וואָכן אַרום, וועט דאַרקיע

(1) — באַריכט פון דאַנעקערן איבער זיין געשפּרעך פון 17־טן פעברואַר 1942, מיט קסאַוויע וואַלאַ.

(1) — לויטן דייטשן טעקסט.

דע פעלעפוּאַ זיין אימשטאַנד אַמטלעך באַקאַנט צו מאַכן דאָס איינ־פירן פון דער געלער לאַטע און, אין דעם פאַל, גלייכצייטיק אין ביידע זאָנעס. דאָס וואָלט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גרויס נוצן צו באַטראַכטן עס ווי אַ פראַנצויזישע מאָסנאַם און דאַן וואָלט די פראַנצויזישע פּאָליציי געמוזט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט לגבי דער רעגירונג און דעם קאָמיסאַר, פאַר זיין אָנווענדונג.

וואָס אַנבאַלאַנגט דאָס איינפירן דעם אָפּצייכן אויפן סמך פון אַ פאַראָרדענונג מצד דעם מיליטערבעפעהלסהאַבער, וואָלט מען באַ־דאַרפט זיך פאַרטראַכטן, צי האָבן מיר אין אונזער רשות גענוגנ־דיקע מיטלען אויף אָפּצוהיטן זיין אָנווענדונג. מיר מוזן, אין דעם פאַל, אויסרעכענען אויף דער מיטהילף פון דער פראַנצויזישער פּאָ־ליציי, וועלכע פאַרזיכערט אונז אגב, נישט די גענוגנדיקע גאַראַנ־טיעס אויף דעם געביט.

אויב, דאַקעגן, די דאָזיקע שריט וועלן אונטערגענומען ווערן דורך די פראַנצויזן גופא, איז פאַראַן אַ סברא, אַז דאַן וואָלט די פראַנצויזישע פּאָליציי אַקטיווער מיטגעווירקט צו זייער רעאַליזירונג, און אויב עס וועלן פעסטגעשטעלט ווערן געוויסע איבערשטרייטונ־גען פון דער פאַראָרדענונג, וועט די פראַנצויזישע אויטאָריטעט אויסטראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און די רעפּוטאַציע פון דער אָקופּאַציע־מאַכט וועט דערפון גאָרנישט ליידן...

„צו גרויסער אָפּטימיזם" — האָט דאַנעקער צוגעשריבן אויפן ראַנד פון דאָזיקן בריוו.


Zu großer Optimismus!

Es ist damit zu rechnen, dass in einigen Wochen Paris [illegible] bereit sein wird, die Einführung des Judensterns von sich aus zu veranlassen, und zwar dann gleichzeitig für beide Zonen. Das würde den grossen Vorteil haben, dass es sich um eine franz. Massnahme handelt, für deren Durchführung und Einhal-

פאַקסימיליע פונם אויסצוג, וועלכער טראָגט דאַנעקערס צושריפט אויפן ראַנד פון בריוו.

אַ פרישער פרואוו אויף אָנצוהענגען אָט די מאָסנאָמען אויף ווישי, איז ווידער געמאַכט געוואָרן, אין רעזולטאַט פון אַ זיצונג, אין וועלכער עס האָבן זיך מיטבאַטייליקט די פאָרשטייער פון ס. ד., פון מיליטערבעפעלסהאַבער און דער אַמבאַסאַדע, דעם 17־טן אַפּריל 1942.

אָט איז דער פּראָטאָקאָל פון דעם צוזאַמענקום:

דער מיניסטער שלייער איז ביי דער מיינונג, אַז די צוקונפטי־

קע לאוואל־רעגירונג וועט זיכער אָננעמען שריט אין דעם זין. פאַר קיין פאַל, דאַרפן אָט די מאָסנאַמען נישט קומען פון דייטשן צד.

עס איז דערויף געענטפערט געוואָרן, אַז די אָפּגעלאָפענע עקס־פערימענטן האָבן בולט באַוויזן, אַז אין אַזאַ פאַל, דאַרף מען נישט רעכענען אויף דער מיטהילף פון דער פראַנצויזישער רעגירונג.

דער מיניסטער ראַהן האָט דאַן פאָרגעשלאָגן צו פאַרעפנטלעכן אַ דייטשע פאַראָרדענונג פאַר דער אָקופּירטער זאָנע, און אַ פראַנ־צויזישע — פאַר דער פרייער זאָנע. די דאָזיקע לייזונג איז געוואָרן אָפּגעוואָרפן דורכן מיניסטער שלייער.

דער אַמבאַסאַדע־ראַט, צייטשעל, האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אונ־זער שטאַנדפּונקט און האָט פאָרגעשלאָגן צו מאַכן, וויניקסטנס, איין פראָבע, איינצושפּאַנען די פראַנצויזישע רעגירונג פאַר אָט דער אויפגאַבע. בלויז אין פאַל פון אַ דורכפאַל, וואָלט געווען צוועק־מעסיק אַ דייטשע פאַראָרדענונג.

דער ס. ס.־האויפּטשטורמפיהרער דאַנעקער גיט צו, אַז דאַרקיע דע פעלעפּוּאַ אַליין גלויבט נישט אין דער מעגלעכקייט פון דער פראַנצויזישער לייזונג און פאָדערט, דעריבער, די דייטשע באַטיי־ליקונג. דערמיט, מיינט דאַרקיע דע פעלעפּוּאַ — דאָס באַקאַנטמאַכן די פאַראָרדענונגען פונם מיליטערבעפעהלסהאַבער.

מען קאָן דעריבער אויסרעכענען, אַז דער ענטגילטיקער באַ־שלוס בנוגע דער פראַגע „יידישער אָפּצייכן” — זאָל אויספאַלן אויף האַלב מאַי.

קיין שום דאָקומענט באַווייזט נישט, אויף וואָס פאַר אַן אופן איז אַדורכ־געפירט געוואָרן דער פּרואוו „איינצושפּאַנען די פראַנצויזישע רעגירונג צו דער אויפגאַבע”, און וואָס אַזעלכעס איז פאָרגעקומען אין ווישי. די דאָזיקע פראָבע, ווי מיר ווייסן, האָט נישט געהאַט קיין שום פאָלגן, און דאָס טראָגן פון דער געלער לאַטע איז קיינמאָל נישט חל געווען אויף דער פרייער זאָנע, אפילו אויך דאַן, ווען זי איז פאַרפלייצט געוואָרן דורך די דייטשע טרופּן, נאָך דער לאַנדונג אין צפון־אַפריקע, ווען אייגנטלעך, האָט שוין קיין שום אונטערשיד נישט עק־זיסטירט צווישן ביידע זאָנעס.

די געשיכטע פון דער ווישי־פּאָליטיק אין באַצוג צו דער יידן־פראַגע, בלייבט נאָך צו באַשרייבן. ריזיקירנדיק צו פאַרלעצן געוויסע איינשטעלונגען, ווילן מיר אָבער, באַמערקן, אַז מען קאָן נישט באַשטעטיקן אויף זיכער, אַז די גרויסע באַנצן־קאָלאַבאָראַטאָרן זאָלן האָבן געווען פילאָסעמיטן; אָבער גאָר פּשוט, איז דער גורל פון די יידן אין פראַנקרייך געווען נישט מער, ווי אַ שאַך־פיגור אין דעם מחבלישן שפּיל פון אָט די מאַריאָנעטן.

דער דורכגעטריבענער קנאָכען האָט עס גוט פאַרשטאַנען:

לאוואַל וועט באַשטעטיקן די מאַסנאַמען קעגן די יידן, אויב ער וועט, אַלס רעוואַנש, באַקומען פאַרשפּרעכונגען, וואָס וועלן אים ברענגען נוצן... איך האַלט, אַז לאַוואַל וועט אָראָפּשלינגען אַט די מאַסנאַמען, אין פאַל ווען ער וועט באַקומען פּאָליטישע גאַראַנטיעס, אין וועלכער פאָרעם זיי זאָלן נישט זיין. (1) —

***

לגבי יידן פון וועלכע נאַציאָנאַליטעטן וועלן אָנגעווענדעט ווערן די נייע מאַסנאַמען? די דאָזיקע פראַגע האָט גורם געווען די דייטשן אַ סך זאָרג. מיר זען, ווי זי איז דיסקוטירט געוואָרן, באַלד אויף דער ערשטער זיצונג פון די „ספּעציאַליסטן" דעם 15־טן מערץ.

... איידער מען מאַכט באַקאַנט די פאַראָרדענונג, וואָלט געווען צוועקמעסיק צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן די נאַציאָנאַליטעטן. ד. ה. צי דאַרף זי אָנגעווענדט ווערן אויסשליסלעך, לגבי די יידן פון דער פראַנצויזישער נאַציאָנאַליטעט און צו די שטאַטלאָזע, אָדער אויך גלייכצייטיק לגבי בירגער פון אַנדערע לענדער. אַזאַ אויס־ברייטערונג פון דער פאַראָרדענונג, איז אָן צווייפל, מסוגל אַרויס־צורופן ערנסטע סקרופּולן.

און אַזוי שווימט די דאָזיקע פראַגע כסדר אַרויף, אין די ווייטערדיקע דע־באַטן. די נאַציס האָבן זיך, נעמלעך, געפונען פאַר דער פאָלגנדיקער דילעמע: אָדער ריזיקירן — פאַר וואָס זיי האָבן, אגב, שטאַרק מורא געהאַט — מיט דיפּ־לאָמאַטישע קאָמפּליקאַציעס, אָדער פאַרלייקענען זייערע אייגענע פּרינציפּן און, הויפּטזאַכלעך, קאָמפּראָמיטירן די „ווירקונג פון דער פּראָפּאַגאַנדע" אין די אויגן פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג, אויב זיי וועלן טאָלערירן די עקזיסטענץ פון איין קאַטעגאָריע פּריווילעגירטע יידן, וואָס דאַרפן באַפּרייט ווערן פון טראָגן די לאַטע. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס זיי איז אַזוי שטאַרק געגאַנגען אין דעם, אַז די אויסנאַמען זאָלן אויסגעפירט ווערן בשתיקה און אַז זיי זאָלן נישט פי־גורירן אין די אָפיציעלע פאַראָרדענונגען. די דאָזיקע צעגערונגען זענען געווען די הויפּט־סיבה פון דער פאַרשפּעטיקונג באַקאַנט צו מאַכן די נייע פאַראָרדענונג. עס איז קלאָר, אַז אַלע איינווענדונגען און אַלע עצות וועגן פאָרזיכטיקייט, זע־נען געקומען פון דער אַמבאַסאַדע: אין דער צייט וואָס דער אַמבאַסאַדע־ראַט, צייטשעל, האָט געשטויסן ווי וויים ער האָט געקענט, צו דער אויספירונג פונם פּראָיעקט, האָט, פון דער אַנדערער זייט, אָטאָ אַבעטץ, זיך געהאַלטן פעסט, און ערשט דעם 4־טן מאַי, נאָך קנאָכענס פערזענלעכער בקשה אין דער אַמבאַסאַ־דע — האָט דאַנעקער געקאָנט בייליינן צו די אַקטן די פאָלגנדיקע נאָטע:

(1) — באַריכט פון קנאָכען צו דער ס. ד. אין בערלין, פון 12־טן פעברואַר 1943.

IV J SA 221 b
Dan/Bir

פּאַריז, דעם 4־טן מאַי, 1942.

ענין : אָפּצייכן פאַר די יידן.

דער ס. ס.־אָבערשטורמבאַנפירער דר. קנאָכען, האָט געהאַט אַ געשפּרעך מיטן אַמבאַסאַדאָר אַבעטץ, דעם 3־טן מאַי 1942. זינט די לעצטע אַטענטאַטן, וועלכע האָבן אויפּסניי באַוויזן דעם איבער־וויגנדיקן אַנטייל פון די יידן, האָט זיך דער אַמבאַסאַדאָר דערקלערט איינפאַרשטאַנדן צום איינפירן דעם אָפּצייכן, אָן שום אָפּליינ.

דעם 4־טן מאַי 1942, האָט אויך דער געזאַנדשאַפט־ראַט דר. צייטשעל, טעלעפאָנירט וועגן דעם ענין, באַטאָנענדיק :

„איצטער דאַרף מען האַנדלען ווי צום גיכסטן, בכדי אַמטלעך באַקאַנט צו מאַכן דעם אָפּצייכן".

דר. צייטשעל האָט געבעטן, תיכף אונטערצונעמען אַלע דע־מאַרשן, ווייל ער האָט בדעה, מיט דער הילף פון דר. בעסט, צו פאַרעפנטלעכן די פאַראָרדענונג גאָר אינגיכן. איך האָב אים גע־ראַטן, פונדעסטוועגן אָפּצוּוואַרטן, ביז צו דער רעאַליזירונג פון די טעכנישע באַדינגונגען, דאָס הייסט, ביז עס וועלן אויסגעפּאַרטיקט ווערן די געלע לאַטעס. דער דר. צייטשעל איז מסכים מיט מיר אין דער הינזיכט.

אונטערגעשריבן : דאַנעקער
ס. ס.־האַופּטשטורמפירער

פון זיין זייט, באַשטעטיקט צייטשעל אויף צו מאָרגנס, די גוטע בשורה :

פּאַריז, דעם 5־טן מאַי, 1942.

## צום שעף פון די ס. ד.
## פון מיליטערבעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך

אַזוי ווי עס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דעם אָבערשטורמ־באַנפירער דר. קנאָכען און צום האַופּטשטורמפירער דאַנעקער, אין אַ פּערזענלעכן געשפּרעך — האָט די אַמבאַסאַדע אויפגעגעבן אַלע אירע סקרופּולן, אין שייכות מיטן איינפירן פון דער געלער לאַטע פאַר די יידן אין דער אָקופּירטער זאָנע און דאָס, אין רעזולטאַט פון די געשעענישן פון דער פאַרגאַנגענער וואָך, דאָס הייסט, צוליב דעם מאָרד איבער אַ פראַנצויזישן פּאָליציאַנט און צוליב דעם אַנ־טייל פון די יידן אין די קאָמוניסטישע אומרוען אין אַרזשאַנטוי.

צוליב די אנגעגעבענע מאָטיוון, בעט די אַמבאַסאַדע צו מאַכן די באַמיאונגען אויף איינצופירן די געלע לאַטע פאַר די יידן ווי צום שנעלסטן.

אונטערגעשריבן: **צייטשעל**
גענעראַלקאָנסול
גוואַנדשאַפט־ראַט

**דעם 9־טן** מאַי, האָט קנאָבען געמאַכט זיין ראַפּאָרט קיין בערלין:

ענין: באַלדיקע איינפירונג פון דעם אָפּצייכן פאַר יידן.

דער פאַקט, וואָס אין די פאַרשידענע אַטענטאַטן, וועלכע זענען לעצטנס אויסגעפירט געוואָרן קעגן די מיטגלידער פון דער ווערמאַכט — האָבן די יידן כסדר געשפּילט די באַדייטנדיקסטע ראָל — האָט אָפּגעווישט יעדע איינווענדונג, וועלכע די אַמבאַסאַדע האָט ביז איצט געהאַט אויסצוזעצן קעגן דער געלער לאַטע. דער אַמבאַסאַדאָר אַבעטץ האָט געבעטן תיכף איינצופירן דעם יידישן אָפּצייכן.

די ריין־טעכנישע פראַגע, דאָס הייסט, דאָס אויספּאַרטיקן די געלע לאַטעס שטעלט מיט זיך פאָר געוויסע שוועריקייטן. עס איז נישט מעגלעך געווען באַלד צו פאַרעפנטלעכן די פאַראָרדענונג. דאָך, דאַרף די באַקאַנטמאַכונג דערשיינען די קומענדיקע וואָך.

וואָס שייך דער פאָרעם, ווי אַזוי די פאַראָרדענונג דאַרף אויסגעשטעלט ווערן, איז אָפּגעמאַכט געוואָרן מיט דער דייטשער אַמבאַסאַדע דאָס פאָלגנדיקע:

א) — עס וועט בלויז דערמאָנט ווערן וועגן „יידן", וואָס וועלן זיין געצוואונגען צו טראָגן די לאַטע. פונדעסטוועגן (אַזוי ווי עס איז געווען בעת דער איריזירונג), איז פאָרויסגעזען צו באַפרייען פון טראָגן די לאַטע, יידן־בירגער פון געוויסע לענדער, נאָך אַ ספּעציעלן אָפּמאַך, וואָס וועט אַדורכגעפירט ווערן מיט די אַנטשפּרעכנדיקע קאָנסולאַטן.

ב) וואָס אַנבאַלאַנגט דער פראַגע פון געמישטע חתונות, איז באַשטימט געוואָרן, אַז דער יידישער מאַן וועט נישט טראָגן די לאַטע, אין פאַל ווען די קינדער, וועלכע דאַרפן נישט באַטראַכט ווערן אַלס יידן, זענען געבוירן געוואָרן פון אָט דער חתונה.

צוגאָב־נאָטע פאַר R.S.H.A. — IV B 4 :

באַזירנדיק זיך אויף דער פאַראָרדענונג, וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאַר האָלאַנד, זאָג איך זיך אָפּ פון ווייטערדיקע אויסנאַמען. דאָס ליגט אויך אין די אינטערעסן לטובת אַ בעסע־

רער אויספירונג פון דעם באפעל אין דער פראנצויזישער אָקופּיר־טער זאָנע און דאָס וועט אונז איינשפּאָרן קאָמפּליקאַציעס, ווי אויך א צוגאָב־ארבעט.

און דעם 18־טן מאַי — פון פּראַג, וואו ער איז געווען איינגעלאָדן דורך דעם רייכספּראָטעקטאָר, ריינהאַרדט היידריך — קערט זיך קנאָכען אום צום ענין :

R.F. SS
Sicherheits-Dienst

19. MAI 1942

| Aufgenommen | | | | Befördert | | | | Raum für Eingangsstempel |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Tag | Monat | Jahr | Zeit | Tag | Monat | Jahr | Zeit | |
| 18. | Mai | 1942 | | an | | durch | | |
| | | | | Verzögerungsvermerk | | | | |

Telegramm — Fernspruch — Fernschreiben — Funkspruch

[illegible] PRAG NR. FS-[illegible]
AN DEN BEFEHLSHABER DER SICHERHEITSPOLIZEI U. D. SD
[illegible]
BETR.: JUDENVERORDNUNG.—
[illegible] WEIST NOCHMALS DARAUF HIN, DASS DIE
[illegible] DIE JUDEN AUCH DIE MISCHLINGE [illegible] UMFASSEN
MUSS [illegible] DERSELBEN FORM WIE SIE FUER DIE NIEDERLANDE
ERLASSEN SIND. BITTE DAS ENTSPRECHENDE ZU VERANLASSEN.—
[illegible] SS-STANDARTENFUEHRER.—

פאַקסימיליע פון טעלעטיפּ מצד קנאָכען, דעם 18־טן מאַי 1942.

פּראַג, דעם 18־טן מאַי, 1942.

**צו דעם שעף פון דער סיפּאָ און דער ס. ד.,**
**פּ אַ ר י ז**

**צו דער אויפמערקזאַמקייט פון ס. ס.־אָבערשטורמבאַנפירער לישקאַ**

ענין : פאַראָרדענונג בנוגע די יידן.

דער אָבערגרופּענפירער מאַכט אויפמערקזאַם, אַז די פּאַראַ־
דענונג אין באַצוג צו די יידן, צוגלייך ווי די, וועלכע איז פאַר־
עפנטלעכט געוואָרן אין האָלאַנד — איז אויך גילטיק פאַר די מיש־
לינגע. מען בעט גלייך צו טון דאָס נויטיקע.

אונטערגעשריבן : דר. קנאָכען
ס. ס.־שטאַנדאַרטענפירער

מיר האָבן בכיוון רעפּראָדוצירט, לויט דער ריי, די דאָזיקע פיר דאָקומענטן.
וואָס פאַר אַ אייפער און וואָס פאַר אַ פליים, ביי אַט די קליינע און גרויסע
אַגענטן פון דער נאַצישער ביוראָקראַטיע! אינצווישנצייט, ווערט פאַר אונז קלאָ־
רער דער אופן און די פאָרעם פון דער אָנווענדונג. מען פּרובירט, קודם כל צו
באַשטימען דעם סדר און אויסצורעכענען די באַגרענעצונגען פון די אויסנאַמען :
IV J — SA 221 b

פּאַריז, דעם 14־טן מאַי, 1942.

**א) צום רייכסזיכערהייטסהאופּטאַמט**
**4 ב4 און 4ב, בערלין**

**ב) צום פּאָליציי־אינספּעקטאָר פון זיכערהייטס־**
**אַמט און פון דער ס. ד., דיסעלדאָרף**

**ג) צו די דינסטשטעלעס אין אַנזשער, דיזשאָן,**
**רועז**

ענין : איינפירונג פון דעם יידן־אָפּצייכן.

רעפערענץ : אונזער טעלעגראַמע נומער 8387 פון 9־טן מאַי 1942.

נאָך אַ נייער דיסקוסיע וועגן די אָפּווייכונגען, האָבן זיך אַלע
פאַראינטערעסירטע אַמטן איינפאַרשטאַנדן אויף אָנצווענדן — אין
דער פאָרעם פון אַן איינהייטלעכער פּראָצעדור אויף דעם שטח פון
די אָקופּירטע מערב־געביטן — די רעגלעמענטירונג, וואָס איז איינ־
געפירט אין האָלאַנד.

לטובת דער זאַך, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די בירגער־יידן
פון צפון־אַמעריקע, צענטראַל־ און זיד־אַמעריקע, ווי אויך די ענג־
לישע בירגער און די בירגער פון נייטראַלע לענדער, וועלן נישט
זיין אונטערגעוואָרפן צו טראָגן דעם יידן־אָפּצייכן. אויף אַזאַ אופן,
וויל מען אויסמיידן די רעפּרעסיעס קעגן די דייטשע בירגער, ווי
אויך די אינטערווענצן פון די נייטראַלע לענדער.

אונטערגעשריבן : דאַנעקער

און, לסוף, פאָלגט די רשימה מיט די באַגרענעצונגען אין פאַרשידענע פאַלן, פאַר דער אָנווענדונג:

IV I — SA 221 6

נומער 9712.

צום רייכסזיכערהייטסהאַופּטאַמט
4 ב 4 און 4 ב, בערלין

ענין: איינפירונג פון דעם יידן־אָפּצייכן.

רעפערענץ: אונזער טעלעגראַמע נומער 8896 פון 14־טן מאַי 1942.

די פאַראָרדענונג איז געוואָרן אונטערגעשריבן דורך דעם מי־ליטערבעפעלסהאַבער. אַלע יידן דאַרפן טראָגן די לאַטע, אָנהויבנ־דיק פון 7־טן יוני 1942. אַלס אָפּווייכונג פון דער רעגלעמענטי־רונג, וואָס איז פאָרויסגעזען אין דער טעלעגראַמע פון 14־טן מאַי 1942 און, אין הסכם מיטן באַשלוס פון אויסערן־מיניסטעריום — וועט די פּראָצעדור זיין די פאָלגנדיקע:

טראָגן די לאַטע וועלן בלויז די יידן פון אויסלענדישער ביר־גערשאַפט, וועמענס אָפּשטאַמונגס־לענדער וועלן אָן די זעלבע מאָס־נאַמען: עס ווערן דעריבער אַריינגערעכנט: דייטשלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד, דער גענעראַל־גוווערנעמענט, די אָקופּירטע מזרח־טערי־טאָריעס, סלאָוואַקיע, קראָאַציע און רומעניע.

אונטערגעשריבן: דאַנעקער

צוגעשריבענע נאָטע:

בכדי אויסצומיידן יעדע פאַרשפּעטיקונג אין דער פאַרעפנט־לעכונג פון דער פאַראָרדענונג, איז די דאָזיקע אָפּווייכונג צייטוויי־ליק באַשטעטיקט געוואָרן. אויב אָבער, איר זענט מסכים אויסצו־ברייטערן אָט די מאָסנאַמען, בעט איך ווייטערע אינסטרוקציעס.

אין דער אמתן, איז דער רעזולטאַט זייער אַן אומבאַקוועמער פאַר די נאַ־צים: די פראַנצויזישע יידן זענען געצוואונגען צו טראָגן די לאַטע, די יידן פון די „פיינטלעכע" מדינות — ענגלענדער, אַמעריקאַנער — זענען פון איר באַ־פרייט! דעריבער, באַמיט מען זיך, ווי ווייט מעגלעך, צו מאַכן אַ שוויג איבער אָט דער פראַגע. ווען, צוליב אַ פּאַרזען — דערמאָנט וועגן דעם דער „מאַטען" — פרעגט זיך דאַנעקער נאָך, ווי אַזוי האָט אַזאַ זאַך געקאָנט געשען (צוגע־שריבענע באַמערקונג, בייגעלייגט אין די אַרכיוון):

דער זאָנדערפירער רייצנער איז היינט געקומען אונז זאָגן, אַז

דער „מאַטען" רעדט טאָג־טעגלעך וועגן אָפּווייכונגען. רייצנער וועט זיך אינפאָרמירן בכדי צו דערגיין, ווי אַזוי האָבן אַזעלכע אַרטיק־לען געקאָנט דערשיינען. ער וועט אונז וועגן דעם באַקאַנט מאַכן!

אינצווישנצייט, זענען די כּללים געוויסנהאַפטיק אָנגעווענדט געוואָרן, אַפי־לו לגבי די יידן, וועלכע זענען אַרעסטירט אָדער אינטערנירט געוואָרן. דעם 3־טן יולי 1942, האָט דער קאָמענדאַנט פון דראַנסי־לאַגער געשריבן צו דאַנעקערן:

אין הסכם מיט דער ביטע, וועלכע איז מיר געכטן, פון אייער זייט, געמאַכט געוואָרן, האָב איך דעם כבוד אייך צוצושיקן דאָ בייגעלייגט דעם ציווילשטאַנד פון די אינטערנירטע אין דראַנסי־לאַגער, וועלכע זענען יאָ אָדער נישט אונטערגעוואָרפן צו טראָגן דעם ספּעציעלן יידן־אָפּצייכן. די רשימה באַווייזט אונז 1.394 אינ־טערנירטע, וועלכע מוזן טראָגן די לאַטע, און 422 פון די נאַציאָ־נאַליטעטן, וועלכע זענען באַפרייט פון איר: בולגאַרישע, גריכי־שע, אונגאַרישע און טערקישע בירגער. די דאָזיקע טאַטאַלע ציפערן גיבן דעם אַלגעמיינעם איצטיקן עפעקטיוו פונם לאַגער, בסך־הכל 1.816 אינטערנירטע ביי היינט צו טאָג.

עס איז צו באַמערקן, אַז די צאָל פון די „אויסנאַמען" ווערט אַלץ מער און מער פאַרקלענערט.

דעם 16־טן יולי 1942, איז גענעראַל אָבערג מודיע אין אַלע רעגיאָנאַלע ביוראָס פון דער ס. ד.:

אַלס דערגאַנצונג צו מיין פאַראָרדענונג פון 1־טן יוני 1942, קען איך אייך אינפאָרמירן, אַז די אונגאַרישע יידן מוזן תיכּף־ומיד אָנהויבן טראָגן די געלע לאַטע. די גענעראַל־פאָרשטייערשאַפט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג איז געוואָרן וועגן דעם באַאויפטראַגט און איך האָב זי געבעטן צו געבן די אַנטשפּרעכנדיקע דירעקטיוון צו דער פראַנצויזישער פּאָליציי, ווי אויך צו די אַנדערע פאַראינ־טערעסירטע אויטאָריטעטן.

דעם 4־טן סעפּטעמבער 1942, אַ נייער צירקולאַר פון אָבערגן:

דעם 26־טן אויגוסט, האָט דער בולגאַרישער מיניסטאָרן־ראַט אַדאָפּטירט אַ פאַראָרדענונג, וועלכע אַנטהאַלט אַ גאַנצע ריי וויכ־טיקע באַשרענקונגען פאַר די בולגאַרישע יידן. הויפּטזאַכלעך, דאָס איינפירן פון טראָגן דעם יידן־אָפּצייכן פאַר אַלע יידן פון בולגאַ־רישער בירגערשאַפט, אָדער פון פרעמדע בירגער ,וועלכע וואוינען אין בולגאַריע.

בעת אַ זיצונג פון דער סעקציע ב 4 , איז באַשלאָסן גע־וואָרן, אַז אויף אַלע, איצט־אָקופּירטע דורך די דייטשן, טעריטאָ־ריעס — וועלן די יידן פון רומעניש ער בירגערשאַפט זיין פון איצט אָן, אונטערגעוואָרפן צו טראָגן דעם יידן־אָפּצייכן. אויב אפילו ווען די צאָל פון די בולגאַרישע יידן איז אַן אומבאַדייטנדיקע (ריכטי־קע ציפער אומבאַקאַנט), וועט די אויסברייטערונג פון אָט דער מאָסנאַם האָבן — פון פּסיכאָלאָגישן און פון פּראָפּאַגאַנדע־שטאַנד־פּונקט — די זעלבע אויסגעצייכנטע ווירקונג, ווי די, וועלכע האָט זיך באַקומען בעת איר אויסברייטערונג אויף די יידן פון אונגאַ־רישער נאַציאָנאַליטעט.

וואָס אַנבאַלאַנגט די יידן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, איז די פּראָצעדור צוגעגאַנגען אויף גאָר אַן אַנדערן אופן. אין הסכם מיט דער אָנרעגונג מצד דער אַמבאַסאַדע, האָט מען זיך באַמיט זיי צו רעפּאַטרירן. אָט זענען די באַ־רעכטיקונגען, וועלכע ווערן אַנטוויקלט מצד צייטשלען, אין אַ ראַפּאָרט, דאַ־טירט דעם 7־טן סעפּטעמבער 1942 :

די פּיינטלעכע פּראָפּאַגאַנדע, האָט זיך גלייך אָנגעכאַפּט אין אָט דער פראַגע, באַנוצנדיק זיך מיט די פאָלגנדיקע סלאָגאַנס: דער יידישער פּראָבלעם איז פאַר די דייטשן — דאָס באַמערקט זיך בולט — אַ נאַציאָנאַלע און נישט קיין ראַסן־פּראַגע. דייטש־לאַנד וואַגט אפילו נישט אָנצונעמען מאָסנאַמען קעגן די יידן פון די פריינטלעכע אָדער אַלירטע לענדער. איר לאַגע איז אַזאַ שלעכ־טע, אַז זי איז געצוואונגען צו מאַכן קאָנצעסיעס אין אַלע זייטן.

צוליב דעם לייגן פאָר די אַמבאַסאַדע מיט דער ס. ד., איינ־צולאַדן די לענדער, וועמענס יידן זענען ביז היינט נישט פאַרזען מיט דעם אָפּצייכן — צו רעפּאַטרירן פון פראַנקרייך, פאַר דעם 31־טן דעצעמבער 1942, זייערע יידישע בירגער, ווי אויך צו דער־לויבן דער ס. ד. באַקאַנט צו מאַכן אַ פאַראָרדענונג, לויט וועלכער אַלע יידן, אָן אויסנאַם, וועלן — אָנהויבנדיק פון 1־טן יאַנואַר 1943 — מוזן אונטערגעוואָרפן ווערן דעם טראָגן פון דעם אָפּצייכן, ווי אויך אונטער אַלע קעגנווערטיקע און קינפטיקע מאָסנאַמען.

פון אָקטאָבער 1942, ביז מערץ 1943, זענען די איטאַליענישע, שפּאַנישע, שווייצאַרישע און דרום־אַמעריקאַנישע יידן ראַפּאַטרירט געוואָרן. די גרעסטע טייל פון די יידן פון די אַלירטע לענדער, איז אינטערנירט געוואָרן, אַזוי אַז די צאָל פון די אויסנאַם־יידן, איז רעדוצירט געוואָרן ביז עטלעכע צענדליק (צוליב „אַרישע" חתונות, איטאַליענישע אָדער שפּאַנישע, צום גרעסטן טייל). אויף אָט דעם וועג איז רעגולירט געוואָרן די דאָזיקע פּראַגע, וועלכע האָט די דייטשן אַריינגעפירט אין אַזאַ גרויסע פאַרלעגנהייט.

# פאַבריקאַציע און פאַרטיילונג פון די געלע לאַטעס

די פאַבריצירונג פון דעם אָפּצייכן איז באַהאַנדלט געוואָרן פון ריין־קאָ־מערציעלן שטאַנדפּונקט. פאָרשלאָגן זענען געמאַכט געוואָרן צו פאַרשידענע הייזער פון פאַריזער פּלאַץ. דאָס הויז באַרבע־מאַסען, פּאָפּעלען, קאַמפּ, 3, רו סט. פיאַקר (געוויזענע פירמע עזנאַלט־פּעלטערי, געגרינדעט אין יאָר 1798), האָט צוגעשטעלט די שטאָף. די גיסערייען דעבערני און פּעניאָ, 18, רו פּעררי, האָבן אויסגעפּאַרטיקט די קלישעס. די דרוקעריי כ. וואָטערס און זון, 16, רו מאָנ־מאָרענסי, האָט זיך פאַרנומען מיטן אָפּדרוקן, און דאַנקען איז אַוועק אַזוי ווייט אין זיין פלייס, אַז ער האָט געבעטן פאַר אָט דעם לעצטן הויז, אַ דער־לויבעניש צו אַרבעטן אויך ביינאַכט, בכדי צוצואיילן די אויספירונג פון די באַשטעלונגען.

און אַזוי אַרום ווערן מיר געוואויער, אַז די פּראָדוקציע פון דער לאַטע האָט געפאָדערט 5.000 מעטער שטאָף פון לייכטער ביינוול־סחורה, פון „אַלט־גאָלד"־קאָליר, צום פּרייז פון 21,70 פר. אַ מעטער און פון אַן אַלגעמיינער וואָג פון 700 קילאָ. אויף אַזאַ אופן זענען פאַבריצירט געוואָרן 400.000 לאַטעס. ווי מיר וויסן, איז די פאַרטיילונג פאָרגעקומען דורך דער פּאַרמיטלונג פון די פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן, צו דריי לאַטעס אַ פּערזאָן, ביי דער אָפּרעכענונג פון 1 פּונקט פון דער טעקסטיל־קאַרטע.

אָט איז דער פולער און דעפיניטיווער טעקסט פון דער פאַראָרדענונג נו־מער 8, וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 1־טן יוני 1942:

## אַ כ ט ע   פ אַ ר אָ ר ד ע נ ו נ ג

פון 29־טן מאַי 1942.

באַציגלעך די מאַסנאַמען קעגן די יידן.

אויפן סמך פון די פולמאַכטן, וועלכע זענען מיר צוגעטיילט געוואָרן דורך דעם פירער און אָבערסטער בעפעלסהאַבער פון דער ווערמאַכט, באַפעל איך דאָס פאָלגנדיקע:

§ 1

אונטערשיידונגס־צייכן פאַר יידן

1) עס איז פאַרבאָטן פאַר יידן, פון פולע זעקס יאָר אָן, זיך צו באַווייזן עפנטלעך, נישט טראָגנדיק די געלע לאַטע.

2) די געלע לאַטע איז אַ שטערן מיט זעקס שפּיצן, וועלכע האָבן די מאָס פון דער האַנט־פלאַך, מיט שוואַרצע קאָנטורן. זי איז פון געלער שטאָף און טראָגט, אין שוואַרצע בוכשטאַבן, די

אויפשריפט „ייד". זי וועט מוזן געטראָגן ווערן זייער אָנזעעוודיק, אויף דער לינקער זייט ברוסט, פעסט צוגענייט צום מלבוש.

§ 2

שטראָף־פאָרשריפטן

דאָס עובר זיין אויף דער קעגנווערטיקער פאַראָרדענונג, וועט באַשטראָפט ווערן מיט תפיסה און מיט געלט־שטראָף, אָדער מיט איינער פון די דאָזיקע שטראָפן. פּאָליציייאישע מאָסנאַמען, ווי — אינטערנירונג אין אַ יידן־לאַגער, וועלן קענען צוגעגעבן ווערן אָדער פאַרביטן ווערן מיט אָט די שטראָפן.

§ 3

גילטיקייטס־טערמין

די קעגנווערטיקע פאַראָרדענונג גייט אַריין אין קראַפט דעם 7־טן יוני 1942.

דער מיליטערבעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך

אָט איז, פון דער צווייטער זייט, צונויפגעשטעלט מצד דער פּאָליציי־פרע־פעקטור, דער ציוויל־שטאַנד פון די אויסזיכטן פאַר דער צאָל אָפּצייכנס צום פאַרטיילן:

| | יידן עלטער פון 15 יאָר, קאָנטראָלירט אין נאָוועמבער 1941 | יידישע קינדער אין עלטער איבער 6 יאָר | טאָטאַלע צאָל | יידן, וואָס זענען באַפרייט פון טראָגן די לאַטע | יידן, וואָס מוזן טראָגן די לאַטע |
|---|---|---|---|---|---|
| פראַנצויזן | 46.542 | 15.322 | 61.264 | | 61.864 |
| אויסלענדער | 46.322 (נאַציאָנאַ־ליטעט אומ־באַקאַנט) | 2.106 | 100.292 | 7.731 מענער און פרויען 2.106 קינדער | 38.591 |
| סך־הכל | 92.864 | 17.428 | 48.428 | 9.837 | 100.455 |

עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אָפּצייכנס פאַר 92.600 פערזאָן.
(די אינטערנירטע אין די לאַגערן זענען נישט אַריינגערעכנט).

אַזוי ווי עס איז געווען פאָרויסצוזען, איז די צאָל עפעקטיוו־פאַרטיילטע לאַטעס געווען באַדייטנדיק נידעריקער, ווי מען האָט זיך גערעכנט. לויט אַ באַ־

ריכט מצד דאנעקערן, אויסגעשטעלט דעם 19־טן יוני, איז די צאָל געווען בערך 83.000.

אָט איז דער טעקסט פון דעם דערמאָנטן באַריכט:

אין הסכם מיט דער באקאנטמאכונג, פאַרעפנטלעכט דורך דעם ד. ג. ב., דעם 9־טן יוני, זענען פאַרטיילט געוואָרן אומגעפער 78.699 לאַטעס. אויפן סמך פון די שפעטערדיקע אָנווייזונגען מצד דער פּאָליציי־פּרעפעקטור, איז זייער צאָל געווען 83.000 דעם 17־טן יוני. די צאָל דערוואַקסענע קאָנטראָלירטע יידן אין נאָוועמבער 1941, איז געווען צו יענער צייט, 95.000; קינדער פון 7 ביז 15 יאָר, איז געווען בערך 15.000. שטיצנדיק זיך אויף די צאָלן פון נאָ־וועמבער 1941, האָבן אומגעפער 110.000 יידן באַדאַרפט טראָגן די געלע לאַטע. דער אונטערשייד צווישן 89.000 און 110.000 דער־קלערט זיך מיט אָט דער סיבה:

1) א צאָל יידן איז אַריבער אין דער פרייער זאָנע, זינט נאָ־וועמבער 1941.

2) אַנדערע יידן זענען דעפּאָרטירט געוואָרן.

3) מען דאַרף נעמען אין אַכט, אַז די יידן פון גיוויסע נאַ־ציאָנאַליטעטן זענען באַפרייט פון טראָגן די געלע לאַטע.

4) א געוויסע צאָל יידן איז נאָך נישט געגאַנגען אָפּנעמען זייער געלע לאַטע.

# די געלע לאַטע און די יידן

## דער ערשטער קלאַפּ

ווי אַזוי איז געווען די רעאַקציע פון דער יידישער באַפעלקערונג פּנים לפּנים אַט דער „אָפּצייכענונג", וואָס איז געווען באַשטימט אונטערצושיידן דעם ייד פונם נישט־ייד און האָט געצילט דערמיט צו זיין שאַנדהאַפטיק פאַר די יידן?

צווישן דער גרויסער צאָל פאַרשידנאַרטיקע אויפגעצוואונגענע און דערנידערנדיקע מאָסמיטלען פון די דאָזיקע פיר יאָר, האָט דאָס טראָגן די „געלע לאַטע" פאַרמאָגט דעם אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פון אַן אויסשליסלעך מאָראַלישער באַדייטונג (אַזוי האָט זיך געקאָנט, לכל הפּחות, אויסדאַכטן אויפן ערשטן בליק). די יידן, וואָס זענען ביז איצט געשלאָגן געוואָרן אין זייער פאַרמעגן און אין זייער קערפּערלעכער פרייהייט, זענען שפּעטער אונטערגעוואָרפן געוואָרן אונטער אַ רעפּרעסיע, וואָס געהערט צו דער קאַטעגאָריע „שאַנד־סלופּ" — „אויסשטעלונגען", שטראָפן, וועלכע זענען שוין זינט הונדערטער יאָרן באַזייטיקט געוואָרן פון דער מיטלצייטיקער מענטאַליטעט. זייענדיק געשטעמפּלט אַזוי ווי בהמות, צי וועלן זיי נישט רויט ווערן פאַר חרפּה, זיך נישט באַהאַלטן, פאַרגראָבן, פאַרשווינדן?

בעת מיר האָבן, לעצטנס, אונטערגענומען אַן אַנקעטע צווישן געוויסע פּערזאָנען, וועלכע זענען געצוואונגען געווען צו טראָגן דעם דאָזיקן „באַרימטן" אָפּצייכן, איז די ערשטע פראַגע, וועלכע מיר האָבן געשטעלט — געווען: „וואָס האָט איר געפילט ווען איר האָט צום ערשטן מאָל אָנגעטון די לאַטע?" — כמעט איינשטימיק, האָבן אַלע אָפּגעענטפערט: „מיר זענען געווען שטאָלץ, זי צו טראָגן". דאָס האָט זיך אונז אויסגעוויזן — זאָל מען אונז מוחל זיין דעם אויסדרוק — פאַר „צו שיין אויף צו זיין וואָר". צי האָט די צייט דען נישט געשפּילט איר ראָל? צי האָבן די עדות דערווייל זיך נישט אויסגעשמידט אַ לעגענדע?

די אומבאַשטרייטבאַרע עדות, די ס. ד.־דאָקומענטן, דערמעגלעכן אונז צו געבן אַ באַשטימטן ענטפער אין דעם ענין און פעסטצושטעלן, אַז ווי פאַרשידן עס זאָל נישט זיין דער מענטשלעכער כאַראַקטער־שטריך, איז פאַרט די דאָמינירנדיקע רעאַקציע געווען די, וועלכע מען האָט אונז אָנגעמערקט.

עס זענען געווען פאַרצווייפלונגס־אויסברוכן און צוזאַמענברוכן, געוויסע נשמות האָבן זיך קראַמפּהאַפטיק צוזאַמענגעצויגן אויפן געדאַנק, צו טראָגן אַט

דעם באַלײדיקנדיקן אָפּצײכן. עס זענען אָפּגעשיקט געװאָרן ביטעס צום ס. ד.־אַמט און אין נאָך אַנדערע אָפּטײלונגען, אין דער כּמעט־שטענדיק פאַלשער האָפענונג צו געניסן פון אַן אױסנאַמסװײזער באַפרײאונג. אַלס אַ פּסיכאָלאָגישן בײשפּיל, װעלן מיר ציטירן די פאָלגנדיקע צװײ בקשות:

די ערשטע איז אַ באַזונדערס־רירנדיקע תחנונים־ביטע:

טור, דעם 3־טן יוני, 1942.

## צום הער פעלדקאָמענדאַנט
## אין דער פעלדקאָמענדאַנטור אין פּאַריז

איך װאָלט געװאָלט זיך װענדן צו אײך מיט אַ ביטע: אַזױ װי איר װײסט, איז פאַר ייִדן פאַרבאָטן זיך צו באַװײזן עפנטלעך, פון 7־טן יוני אָן — נישט־טראָגנדיק די געלע לאַטע. דאָס פאַרשאַפט מיר אַ סך ערגערניש, װײל איך בין אַ ייִדישקע. איך בין יונג און עס טוט מיר זײער װײ צו באַגרײפן, אַז איך טאָר זיך מער נישט געפינען אין אַ געזעלשאַפט אָן דעם, אַז איך זאָל נישט אַרױסרופן בײ געװיסע פערזאָנען אַ געפיל פון פײנטשאַפט. איך האָב ליב אַלע מענטשלעכע באַשעפענישן אָן אונטערשײד און זעענדיק, װי איך װער אָפּגעשטױסן פון די, װעלכע איך האָב ליב, הױפּטזאַכלעך פון מײנע שול־קאַמעראַדן — פאַרשאַפט עס מיר גרױס עגמת־נפש.

איך הײס פּ. װ. איך בין געבױרן דעם 19־טן סעפּטעמבער 1925 אין װאַרשע און געפין זיך אין לאַגער פון לעאַנד (15 קילאָמ. פון טור). איך געניס פון דער דערלױבעניש צו קומען יעדן טאָג אין טור, בכדי צו באַזוכן דאָרטיקע קורסן.

איך װענד זיך דעריבער צו אײער גוטסקײט, צו אײערע מענטשלעכע געפילן, װעלכע זענען, איך בין דערין זיכער, אַזױ שטאַרק װי אין מיר און איך בעט אײך מיך אױסנאַמסװײז צו באַפרײען פון אָט דער שרעקלעכער פאַראָרדענונג.

איך בעט אײך מיר צו ענטפערן נאָך פאַר דעם 7־טן יוני, דעם טאָג, אין װעלכן דער דעקרעט גײט אַרײן אין קראַפט.

דערװאַרטנדיק אײער גינסטיקע אַנטװאָרט, בעט איך אײך, הער פעלדקאָמענדאַנט, אָנצונעמען מײנע רעספּעקטפולע באַגריסונגען.

אונטערגעשריבן: פּ. װ.

דער צװײטער בריװ שטאַמט פון אַ פאָרזיכטיקן זקן, װעלכער באַאומרויִקט זיך אַ צײט־לאַנג פון פאָרױס: ער װענדעט זיך צום מאַרשאַל פּעטען.

פּאַריז, דעם 9־טן סעפּטעמבער 1941.

הער מאַרשאַל,

זייענדיק פון גריכישער בירגערשאַפט, מיט אוניווערזיטעט־בילדונג, 71 יאָר אַלט, אַ ספרדי (לאַטיינער פון משהיס גלויבן); שטאַם איך פון די יידן, וועלכע דער קייסער שאַרלעמאַן, די קעניגן זשאַן, שאַרל דער 6־טער, לואי־דער־פרומער, העגרי דער 2־טער, לואי דער 16־טער, דער קייזער נאַפּאָלעאָן, די פּויבסטן פון אַוויניאָן און פון רוים, נאָך פיל אַנדערע פראַנצויזישע הערשער, ווי אויך די העכסטע אָפיצירן פון דער אַרמיי פון אָריענט (1914—1918) — האָבן באַשאָנקען מיט דער העכסטער שוץ, אַכטונג און הויכשעצונג.

פאַררופנדיק זיך אויף די דאָזיקע באַשיידענע, אינגאַנצן פּריי־ווילִיקע, שטאַנדעסדינסטן, אין איינקלאַנג מיט די ספרדישע טראַדיציעס פון אונזער פאַמיליע, נעם איך מיר די דרייסטע פרייהייט צו מאַכן אַן אַפּעל צו אייער הויכן מיטגעפיל, פאַרברענגענדיק פאַר אייער פאָטערלעכער אָפּשאַצונג דעם פאָלגנדיקן פאַל פון געוויסן:

די פּאַריזער צייטונגען האָבן, די לעצטע טעג, געמאָלדן, אַז די רעגירונג פון דריטן רייך האָט אויפגעצוואונגען דאָס טראָגן די „געלע לאַטע" צו אַלע יידן אין דייטשלאַנד. די דאָזיקע אינפאָר־מאַציע זעט אויס פאָרויסצוזאָגן דאָס אָננעמען ענלעכע מאָסנאַמען לגבי די איזראַעליטן פון די אָקופּירטע געביטן. אויב עס איז צו דערוואַרטן אַן עווענטואַליטעט פון אַזאַ מין כאַראַקטער, צי גלויבט איר נישט, אַז זי שטעלט מיט זיך פאָר אַ דערנידעריקנדיקע כוונה, וואָס קען גורם זיין צו דערוועקן אַ האַס און צו שטערן די אָר־דענונג און עפנטלעכע רו? צי וואָלט אייך מעגלעך געווען, הער מאַרשאַל, אויסצואיבן אייער גינסטיקן איינפלוס אויף אָפּצולייגן דאָס אָנווענדן פון אָט דער פאַראָרדענונג?

אין פאַל אויב עס איז נישט פאַראַן קיין מניעה אין אייער איידלמוטיקער אינטערווענץ, איז אין דער זעלבער צייט, וואָס איר וועט האָבן בייגעבראַכט אייער דערמוטיקונג, וועט איר אייך אויך האָבן דערוואָרבן, הער מאַרשאַל, דאָס רעכט אויף דאַנקבאַרקייט, אַן אויפריכטיקע און געגצלעכע דאַנקבאַרקייט מצד אַלע איזראַע־ליטן, נעמלעך די ספרדים, וועלכע האָבן תמיד ליב געהאַט, ווי אַ צווייט פאָטערלאַנד, דאָס דאָזיקע טייערע פראַנקרייך, וועלכעס איר האַלט איצטער אין ראַטעווען פון מאָראַלישן אונטערגאַנג.

איך בעט אייך, הער מאַרשאַל, אָנצונעמען מיינע אונטערטע־ניקסטע אַנטשולדיקונגען פאַר מיין דרייסטקייט אייך צוצורויבן איי־

ער אזוי־ווערטפולע צייט און באווייזן אויפצונעמען די אויסדרוקן פון מיינע טיף־רעספעקטפולע געפילן.

זאָל אייך גאָט נאָך לאַנג קאָנסערווירן פאַר פראַנקרייך און פאַר דער מענטשהייט!

אונטערגעשריבן : ל. ס.

די אקטן־טעקע פון דער ס. ד. ציילט א צענדליק בקשות פון אָט דעם זשאַנר. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז קיין איינע פון זיי איז נישט געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג.

א געוויסע צאָל אָפּווייכונגען זענען פונדעסטוועגן דאָך באַשטימט געוואָרן. מיר וועלן נאָך דערצו צוריקקערן א ביסל ווייטער. די דאָזיקע פאַלן זענען נישט געווען שטאַרק צאָלרייך.

# אויסבעסערונגען

די דאָזיקע עטלעכע איזאָלירטע ביישפּילן, אָפּגעזען פאַר זיך — שטוימט אויף פון דער פאָרשונג פון די ס. ד.־דאָקומענטן, דער איינדרוק, אַז די אַלגעמיינע רעאַקציע מצד די יידן, איז טאַקע געווען אַזעלכע, ווי עס איז אָנגעוויזן אויבן. פון 2־טן יוני אָן, פּונקט מיט אומרו צוליב די אויסקינפטן, וועלכע זענען צו אים דערגאַנגען פון אַלע זייטן — שרייבט צייטשעל צו דאַנעקער :

עס שיינט... אַז די יידן האָבן בדעה צו אָרגאַניזירן דעם 7־טן יוני א גרויסן פּראָפּאַגאַנדע־מאַרש אין די שאַנז־עליזיי. דאָס וואָלט געווען א געלעגנהייט צו לענקען גלייך די יידישע מאַרש־קאָלאָנעס אויף דראַנסי, אונטער אַן אַנטשפּרעכנדיקער עסקאָרטע. איך לייג פאָר, מיר זאָלן זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיטן מיליטערבעפעלס־האַבער, וועגן אָט דעם ענין.

אונז איז נישט באַקאַנט, צי די מאָסמיטלען, וועלכע זענען אַרויסגערוקט געוואָרן דורך צייטשעלן, זענען טאַקע אָנגענומען געוואָרן. אָבער מיט א וואָך שפּעטער, דעם 10־טן יוני, האָט די פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע (פּראָפּאַגאַנדאַשטאַפּעל) פאָרגעלייגט, פון איר זייט, דער ס. ד. דעם פאָלגנדיקן באַריכט :

מצד די יידן, זעט אויס ווי א לאָזונג וואָלט געוואָרפן גע־וואָרן, לויט וועלכן אַלע יידן האָבן געדאַרפט קומען זונטיק נאָכ־מיטאָג אויף די גרויסע בולוואַרן, צווישן פּלאַס דע לאַ רעפּובליק און אָפּעראַ. דער דאָזיקער באַפעל איז דורך אַלעמען אויסגעפירט געוואָרן : עס האָט זיך ממש געוואָרפן אין די אויגן דאָס בילד, אין וועלכער גרויסער צאָל די פּאַריזער יידנשאַפט האָט זיך געפונ־

נען אויף דעם אָרט אויף דער פּאָרויסבאַשטימטער שטרעקע. דאָ־
קעגן, האָט מען צווישן אָפּערא און מאַדלען, כּמעט אינגאַנצן נישט
געזען קיין געלע לאַטעס. ...די יידן האָבן געשפּאַצירט גרופּנווייז
אויף די בולוואַרן און האָבן זיך אַרומגעזעצט ביי די טישלעך אין
די קאַפעס און אין די רעסטאָראַנען. אַזוי אויך, האָט מען באַ־
מערקט, ווי צאָלרייכע יידן פירן זייערע זויג־קינדער אין די וועגע־
לעך, אַזוי ווי צוליב אַ סאָרט דעמאָנסטראַציע.

און אַט וואָס עס שאָקירט באַזונדערס דעם מחבר פונם באַריכט:

די קאַפעס און די רעסטאָראַנען שטעלן מיט זיך פאָר דעם
אומדערטרעגלעכן ספּעקטאַקל פון די חוצפּהדיקע יידן, וואָס זיצן
פּראָוואָצירנדיק ביי די טישלעך נעבן דייטשע אָפיצירן און סאָל־
דאַטן. די יידן דערקלערן, אַז זיי טראָגן די געלע לאַטע מיט שטאָלץ,
אַלס אָפּצייכן פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער אונטערדריקונג.

און ער קומט צום פאָלגנדיקן דרינגנדן אויספיר:

... מען דאַרף, ווי צום שנעלסטן, אַרויסגעבן אַ פאַרבאָט פאַר
די יידן, אַז זיי זאָלן נישט טאָרן באַזוכן קיין שום באַלעבטע צענ־
טערן, ווי קאַפעס, רעסטאָראַנען, טעאַטערס און, הויפּטזאַכלעך,
בשום אופן נישט קיין עפנטלעכע באָד־אַנשטאַלטן.

**
*

די געוויעסטע אויסקינפט־קוועלע פאַר אַלע פאַרשידנאַרטיקסטע דייטשע
ביוראָס אין פראַנקרייך, איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך אַ נעץ פון אינפאָר־
מאַטאָרן און אינדיקאַטאָרן, וועלכע האָבן געהערט צו אַלערליי קרייזן. אין הס־
כּם מיט די פאַך־געזעצן, זענען די נעמען כּמעט קיינמאָל נישט אָנגעוויזן: זיי
פיגורירן לויטן אינדיקאַטיוו אג. (אַגענטן) און פּ. (פּערטראַוּענסמענער): באַ־
גלייט מיט אַן אָרדענונגס־נומער (1).

1) * אַט זענען די איידעלע שטריכן, אין וועלכע די ס. ד. ווערן באַצייכנט אין אַ צירקו־
לאַר (פון פאַר דער מלחמה! דאַטירט פון 16־טן סעפּטעמבער 1938) און וואו עס ווערט אויפ־
געקלערט דער אונטערשיד צווישן אַן „אג״ און „פּ״.

„די אַגענטן זענען פּערזאָנען, וועלכע שטעלן צו אינפאָרמאַציעס פאַר אַן אָפּצאָל. מען
דאַרף אויסמיידן זיך צו שטעלן מיט זיי אין פאַרטרוילעכער פאַרבינדונג. עס פאָדערט זיך אַ
גרויסע פאָרזיכטיקייט אין באַצוג צו זיי, ווייל די פּראָפעסיאָנעלע אַגענטן שטרעבן צו ווערן
טאָפּלטע אַגענטן. יעדער אַמט דאַרף אויסמיידן מיטצואַרבעטן מיט זיי דירעקט״.

„די פאַרטרויאונגס־מענער זענען פּערזאָנען, מיט וועלכע מען קען אַריינטרעטן אין פאַר־
טרוילעכע פאַרבינדונגען, אויב זיי געהערן אפילו נישט צו דער ס. ד. זיי זענען זיך מתחייב,
שריפטלעך, צו אַן אַבסאָלוטער דיסקרעציע. זייער אַקטיוויטעט ווערט אויסגעאיבט אינגאַנצן

אַט איז, דעם 12־טן יוני, דער ראַפּאָרט פון אג. 316:

> די יידישע קאָמבאַטאַנטן פון 1914—1918 האָבן געטראָגן, זונטיק, דעם 7־טן יוני, אַלע זייערע אויסצייכענונגען, פונקט איבער דער געלער לאַטע. די מענער האָבן זיך באַוועגט אין די גאַסן, נישט ציענדיק, אין אַלגעמיין, אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט. די פרויען, דאַקעגן, הויפּטזאַכלעך אין די קוואַרטאַלן פון „לאַ גוט ד׳אָר, באַרבעס, לאַ־שאַפּעל" — האָבן גערעדט הויך צווישן זיך, ווי וועלנדיק געבן צו דערקענען אַז זיי זענען שטאָלץ צו טראָגן די אָפּצייכענונג פון זייער ראַסע.

צו דער זעלבער דאַטע, גיט דער אג. 399 צו וויסן:

> די יידן האָבן באַקומען דירעקטיוון פונם יידישן סינאָד (מעקסטועל!), צו טראָגן די לאַטע אויף אַן אופן, וואָס זאָל זיין זייער אויפפאַלנד. עס איז אפילו אַנטשטאַנען צווישן די יידן אַ נייע אינדוסטריע, וואָס פּראָדוצירט געלע לאַטעס, געשטיקטע מיט זייד.

דעם 20־טן יוני, באַריכטעט איקס פון זיין זייט:

> אין די אַראָנדיסמאַנען 8 און 9, טרעפט מען אָן יידן, וואָס טראָגן די געלע לאַטע, צוגענייט פון הינטן, ביים חלק התחתון. עס האַנדלט זיך וועגן אַ מאַסקאַראַדע, וועגן וועלכער עס איז אונז געמאָלדן געוואָרן פון דריי פאַרשידענע קוועלעס. די פּאָליציי — אַלס עדות פון אָט דער פּראָוואָקאַציע — באַגנוגנט זיך מיט שמייכלען... די יידן פאָרן ווייטער מיטן ערשטן קלאַס אין מעטראָ. די מעטראָ־דירעקציע ענטפערט דערויף, אַז די דייטשע מאַכט האָט געגעבן בלויז אַ מונדלעכן באַפעל, אַנטזאָגנדיק זיך צו געבן אַ שריפטלעכע פאַראָרדענונג. עס איז אומבאַדינגט נויטיק אָנצולערנען די גאָליסטישע דירעקציע פון מעטראָ.

דאָס אָפּחוזקן מצד יונגע לייט, אָדער די שטומע פּראָטעסטן פון די געוועזענע קאָמבאַטאַנטן — די דאָמינירנדיקע טענדענץ פון דער רעאַקציע מצד דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך בולט אַרויסגעשיילט פון אָט די עטלעכע פאַקטן. זי שטימט גענוי דערמיט, וואָס מיר האָבן פריער דערמאָנט.

עס איז באַקאַנט, אַז אין סעפּטעמבער 1940, האָט האַנרי בערגסאָן, זיך

בחינם. זיי דאַרפן זיין נישט־קאָרופּציע־פעאיק און אידעאָלאָגיש פאָרוואורפסלאָז. זיי זענען אָפּהענגיק דירעקט פונם אַמט, וועלכער באַשעפטיקט זיי. אָבער דאָך, לויט די אַלגעמיינע פאָרשריפטן, זענען זיי פאַרפליכטעט איבערצוגעבן זייערע ראַפּאָרטן דורך דער פאַרמיטלונג פון אַן אָבסערוואַטאָר".

אַפּזאָגנדיק פון יעדן מין אינטערווענץ — דווקא געוואָלט גיין אין קאָמיסאַריאַט, בכדי אויסצופּילן זיין צעטל פאַר דער יידן־ציילונג און דאָס — נישט קוקנדיק אויף זיין הויכן עלטער און זיין קראַנקן צושטאַנד. אויב ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער, אָן שום ספק, געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָלטן דעם קאָפּ שטאָלץ אויפגעהויבן, טראָגנדיק דעם „צייכן פון שאַנד".

## קאָנסעקווענצן

רעאַקציע פון שטאָלץ, אַלס פּועל־יוצא, און די געלע לאַטע — געטראָגן מיט ווירדע, אַלס דעקאָראַטיווע אָפּצייכענונג. אָבער גאָר אין גיכן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רעזולטאַט פון אָט די נייע מאָסנאַמען איז גאָר אַ כוונה, וואָס צילט נישט בלויז צו אַ ריין־מאָראַלישן עפעקט; די געלע לאַטע איז גאָר געווען אַן אינסטרומענט פאַר אַ כיטרער קאָנטראָל און פּאָליציייאישע אויסשפּי־רונגען. זייענדיק באַמערקבאַר, אַ דאַנק זיין ספּעציעלן אָפּצייכן, אַלס ייד — איז דער לאַטע־טרעגער געוואָרן אָפּהענגיק פון יעדן ערשטן בעסטן מסור אָדער סתם שאַנטאַזשיסט און איז שוין מער נישט געווען אימשטאַנד אויסצוווייכן די אומגלויבלעך־צאָלרייכע נעץ פון פאַרבאָטן און ספּעציעל־באַשטימטע שעהן, וואָס די דייטשן האָבן כסדר געהאַלטן אין רעזערוו.

דעם 12־טן יוני 1942, שרייבט איינער פון קנאָכעוס אַסיסטענטן (די אונ־טערשריפט איז אומלעזבאַר), דאָס פאָלגנדיקע צו דאַנעקערן:

1) ענין: פאַרבאָטן פאַר יידן צו באַזוכן די עפנטלעכע באָד־אַנשטאַלטן אין דער אָקופּירטער זאָנע.

די בייגעלייגטע אַקטן ווערן אייך איבערגעגעבן, אַלס צו אַ קאָמפּעטענטן אַמט. לויט ווי עס דרינגט אַרויס פונם בריוו פון מיליטערבאַפעלסהאַבער אין פראַנקרייך, צו דער פּראָפּאַגאַנדע־סעק־ציע, אין דער דאַטע פון 30־טן אַפּריל 1942, איז דער דאָזיקער פאַרבאָט אָפּגעלייגט געוואָרן ביז עס איז איינגעפירט געוואָרן דאָס טראָגן די יידן־אָפּצייכענונג, וואָס דינט זיי אונטערצושיידן. איצ־טער קענען שוין אָט די מאָסנאַמען אָנגעווענדעט ווערן.

2) אין רעזולטאַט פון די פריערדיקע געשפּרעכן, אין שייַ־כות מיט דעם אָפּנעמען די טעלעפאָנישע אַפּאַראַטן, וואָס געהערן צו יידן, ווערט אייך דער דאָזיקער אַקטן־שטוים איבערגעגעבן, אַלס צו אַ קאָמפּעטענטן אַמט. דאָס אַדורכפירן פון אָט דעם פּראָ־יעקט איז אין זיינער צייט אָפּגעלייגט געוואָרן דורכן מיליטער־בעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך, ביז צום אַריינפירן דעם אונטער־שיידס־אָפּצייכן פאַר די יידן, ווייל עס איז געווען ווינטשנסווער־

טער, אַז דער באַפעל אָפּצונעמען ביי די יידן די טעלעפאָנישע אינסטאַלאַציעס זאָל זיך צונויפפאַלן מיטן פאַרבאָט פאַר די יידן, זיך צו באַנוצן מיט די עפנטלעכע טעלעפאָן־קאַבינעס.

אָבער עס האָט זיך נישט געהאַנדלט בלויז וועגן עפנטלעכע באַד־אַנשטאַלטן, אָדער טעלעפאָנען.

מיט אַ חודש שפּעטער, איז דערשינען די „נײַנטע פאַראָרדענונג פון 8־טן יולי 1942, אין שייכות מיט די מאַסנאַמען קעגן יידן (1)".

און אָט איז דער טעקסט:

אויפן סמך פון די פולמאַכטן, וועלכע זענען מיר צוגעטיילט געוואָרן דורך דעם פירער און אָבערסטן באַפעלסהאַבער פון דער ווערמאַכט, באַפעל איך דאָס פאָלגנדיקע:

§ 1

פאַרבאָט צו באַזוכן ספּעקטאַקל־פּלעצער און אַנדערע עפנטלעכע פאַרוויילונגס־אַנשטאַלטן

עס קען ווערן פאַרבאָטן פאַר די יידן צו באַזוכן געוויסע ספּעקטאַקל־פּלעצער און אין אַלגעמיין, עפנטלעכע פאַרוויילונגס־אַנשטאַלטן.

די פאָרשריפטן וועגן דער באַצייכענונג פון אָט די פאַראַג־שטאַלטונגען, וועלן באַשטימט ווערן דורכן העכערן ס. ס. אָדער פּאָליציי־פירער.

§ 2

באַשרענקונגען וועגן באַזוכן האַנדלס־אונטערנעמונגען

יידן וועלן נישט טאָרן אַריינקומען אין די גרויסע מאַגאַזי־נען, אין די דעטייל־געשעפטן און האַנטווערקער־מאַגאַזינען, בכדי צו מאַכן זייערע איינקויפן, אָדער איינקויפן דורך דער פאַרמיט־לונג פון אַנדערע פּערזאָנען, ווי נאָר צווישן 15 און 16 אַ זייגער.

§ 3

אויסנאַמען

די יידישע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען ספּעציעל באַצייכנט אַלס אַזעלכע, זענען אויסגעשלאָסן פונם פאַרבאָט, וואָס אין די פּאַראַגראַפן 1 און 2.

---

(1) וואַביף, 15 יולי 1942.

§ 4

שטראָפן

די אַלע וואָס וועלן עובר זיין אויף די קעגנוווערטיקע פאַר־אָרדענונגען און אויף די מיטלען, וואָס וועלן אָנגענומען ווערן צו זייער אויספירונג, וועלן באַשטראָפט ווערן מיט תפיסה און געלט־שטראָף, אָדער מיט איינער פון די דערמאָנטע שטראָפן.

§ 5

פּאָליציייִשע סאַנקציעס

פּאָליציייִשע סאַנקציעס, און הויפּטזאַכלעך, אינטערנירונג אין אַ יידן־לאַגער, וועלן צוגעגעבן ווערן אָדער פאַרטוישט ווערן מיט אָט די שטראָפן.

§ 6

דאָס אַריינגיין אין קראַפט

די קעגנוווערטיקע פאַראָרדענונג גייט אַריין אין קראַפט מיטן מאָ־מענט פון איר פאַרעפנטלעכונג.

דער מיליטערבעפעלסהאָבער אין פראַנקרייך

וואָס אנבאַלאַנגט דער דערקלערונג, וועלכע עס זענען די „עפנטלעכע פּלע־צער", וועלכע עס איז פאַרבאָטן פאַר יידן צו באַזוכן, איז אָט די פולע רשימה פאַרעפנטלעכט געוואָרן דעם 15־טן יוני 1942, דורך אָבערג, אויבער־שעף פון די ס. ס. און פון דער פּאָליציי:

1) רעסטאָראַנען און פּלעצער, וואו מען פאַרזוכט שפּייזן און געטראַנקען;
2) קאַפעס, טיי־סאַלאָנען און באַרן;
3) טעאַטערן;
4) קינאָס;
5) קאָנצערטן;
6) מוזיק־האַלס און אַלע פאַרוויילונגס־פּלעצער;
7) קאַבינעס און עפנטלעכע טעלעפאָנען;
8) מערק און ירידים;
9) שווים־בעדער און פּלאַזשעס;
10) מוזייען;
11) ביבליאָטעקן;
12) עפנטלעכע אויסשטעלונגען;
13) פעסטונגס־שלעסער, היסטאָרישע שלעסער, ווי אויך אַלע אַנדערע מאָנומענטן פון אַ היסטאָרישן כאַראַקטער;

14) ספּאָרט־מאַניפעסטאַציעס, סיי אַלס אנטיילנעמער, סיי אַלס ספּעקטאַטאָר;
15) סטאַדן און לאָקאַלן פון קעגנזייטיקע געוועטן;
16) קאַמפּינג־פּלעצער;
17) פּאַרקן.

עס האָט, אַלזאָ, גענוגט, אַריינצוגיין 12 אַ זייגער מיט 5 מינוט אין אַ טאַבאַק־ביוראָ און צו קויפן אַ שאַכטל שוועבעלעך, בכדי צו נעמען — דורך דראַנסי — דעם וועג צו די אוישוויצער קרעמאַטאָריע־אויוונס. דעמאָלט האָבן, אַלזאָ, די יידן פון די אָקופּירטע געביטן, אָנגעהויבן אַלץ מער און מער, אַראָפּצורייסן זייערע געלע לאַטעס, אָדער צו טראָגן זיי בלויז אין באַשטימטע פאַלן. דאָס איז שוין געווען דער וועג פון דער מינדסטער ריזיקע. מען האָט אָנגעטון די לאַטע, בעת מען איז פאַרבייגעגאַנגען דעם קאָנסיערזשס לאָזשע (דער הויז־וועכטער האָט אויך געקענט זיין אַן עווענטועלער מסור) און אויף דער גאַס, האָט מען זי פאַרשטעלט מיט דער טעקע. אָדער גאָר, פּאַרקערט, מען האָט זי אינגאַנצן נישט אָנגעשפּילעט און אָט דאָס פעלן פון דער לאַטע האָט מען געזוכט צו באַהאַלטן פאַרן קאָנסיערזש אָדער פאַר די שכנים. אָנשטאָט צוצונייען די לאַטע, האָט מען זי צוגעטשעפּעט מיט העקל־קנעפּלעך, כדי זי צו קענען אַראָפּנעמען אויף דער מינוט.

דאָס האָט געשמעקט מיט סכנה, אַזוי ווי דאָס גיין אויף אַן אָנגעצויגענעם שטריק, אָבער דאָס איז געווען דער איינציקער אויסוועג פאַר די יידן, צו קענען פאַרזעצן זייער טאָגטעגלעך לעבן, צו גיין איינקויפן, צו פאַרדינען אויפן אויסקומעניש. און ווען דער שלים־מזל האָט זיך אַריינגעמישט, האָט די זאַך אָנגענומען אָט אַזאַ מין ווענדונג:

**גענעראַל־קאָמיסאַריאַט**
**פאַר יידישע פראַגן**

**סעקציע IV**

פּאַריז, דעם 5־טן אויגוסט 1943.

אינספּעקטאָר מ. דויע
ה. פּ. 10.300
ענין: גליידמאַן.
אָרט: 15, רי מאַרטעל
סיבה: לאַטע צוגעשפּילעט מיט שפּילקעס.
ציוויל־שטאַנד:
גליידמאַן מאַרגעריט — „יודין".

געבוירן דעם 23־טן סעפטעמבער 1892, אין בודאפעשט,
פון בעלא און ראָזע רענדענער.
נאציאָנאַליטעט : אונגאַרישע.
נישט־פאַרהייראַט.
באַשעפטיקונג : שניידערין.
אַדרעס : 15, רי מאַרטעל, פאַריז.

באַזיצערין פון אַן אידענטיטעטס־קאַרטע, אַרויסגעגעבן אויפן גרונט פון אינדוסטריעלער אַרבעט־רעכט, מצד דער פּאָליציי־פּרע־פעקטור, דעם 30־טן מערץ 1938, גילטיק ביזן 30־טן מערץ 1944 ק.ק. נומער 884־124, פאַרזען מיט דער אויפשריפט „יודין", קאָנ־טראָלירט דעם 28־טן נאָוועמבער 1941.

אַקטעט :

די יודין גליידמאַן איז אין דעם טאָג געקומען צו איר אַרבעט, 10 א זייגער מיט 30, און דאָרט געטראָפן א יידישע פריינדין, וועלכע איז דאָרטן גערופן געוואָרן. זי האָט געהאַט איר לאַטע צוגע־שפּילעט מיט שפּילקעס ; עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די לאַטע איז געווען א נייע און אַז די יודין, וועלכע האָט נישט קיין יידישן אויסזען, דאַרף זי נישט טראָגן רעגולער.

אין פראַנקרייך זינט יאָר 1924, וואוינט זי אין איר אייגענער דירה, 15 רי מאַרטעל, פאַריז 10־טער, א וואוינונג פון 4.000 פר. א יאָר דירה־געלט, פּינקטלעך אָפּגעצאָלט.

פריער האָט זי געוואוינט אויף 5, רי דע ל'עשיקיע.

זי אַרבעט פאַר דער סאָסיעטע האַנגיאַ, 1 פּלאַס דע טעאַטר פראַנסעי, אַלס שניידערין, מיט א חודשלעך פאַרדינסט פון 2.000 פר. אומגעפער.

אונטערגעשריבן : **דויע**

אויספיר :

די יידישקע גליידמאַן, האָבנדיק איר לאַטע צוגעשפּילעט מיט שפּילקעס, איז עובר געווען אויף דער דייטשער פאַראָרדענונג נו־מער 8 פון 29־טן מאַי 1942.

זי איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם זעלבן טאָג, 11 א זייגער מיט 30, צום פּאָליציי־פּאָסטן פון אָפּעראַ, אין רשות פון ה' דיוויז־יע־קאָמיסאַר, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די יידישע פראַגן, בכדי אַרונטערצופאַלן אונטער די מאָסנאַמען פון אינטערנירונג.



פאַראַלעל צו דער ניינטער פאַראָרדענונג, זענען אָנגעווענדעט געוואָרן גע־ווויסע אַנדערע מאָסנאַמען, וועלכע זענען קיינמאָל נישט באַקאַנט געוואָרן עפנט־לעך. ווי צום ביישפּיל, דאָס באַזייטיקן די יידן אין די לעצטע וואַגאָנעס פון דער מעטראָ (1). וועגן דעם, דריקט זיך אויס דער סענער פּרעפעקט, מאַני, אויפן פאָלגנדיקן אופן:

פאַריז, דעם 10־טן יוני 1942.

## דער פּרעפעקט פון דער סען
## צום ה׳ גענעראַל־קאָמיסאַר
## פאַר יידישע פראַגן

ענין: באַדינגונגען פון אָננעמען יידישע פּאַסאַזשירן אין די מעטראָ־באַנען.

איך האָב דעם כבוד אייך באַקאַנט צו מאַכן, אַז די דייטשע מאַכט, רעפּרעזענטירט דורך ה׳ ראַטמאַן זאַכמאַן, האָט אַרויסגע־געבן ספּעציעלע אינסטרוקציעס צו דער מעטראָ־קאָמפּאַני, וועגן פאָרן פון די יידן. די לעצטע מוזן, פון איצטער אָן, פאָרן בלויז מיטן צווייטן קלאַס מעטראָ און אין לעצטן וואַגאָן.

די קאָמפּאַני האָט, אין רעזולטאַט, פאַראָרדנט אויף די וואָק־זאַלן און סטאַציעס די פאָלגנדיקע פאָרשריפטן:

— די קאַסירערינס: נישט צו פאַרקויפן קיין בילעטן פון ערשטן קלאַס, פאַר יידן;

— די קאָנטראָל־אויפזעער: צו וואָרענען די טרעגער פון דער געלער לאַטע, אַז זיי זאָלן נישט פאָרן מיט קיין אַנדער קלאַס און קיין אַנדער וואַגאָן, ווי צווייטע קלאַס, לעצטער וואַגאָן;

די היטער, אָדער קאָנטראָלערן, וועלכע געפינען זיך אין ערשטן קלאַס און די באַן־שעפן אין די געוויינטלעכע וואַגאָנען: איינצו־

(1) — די דאָזיקע באַשטימונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אויסשליסלעך אין דער דייטשער שפּראַך. אָט איז די איבערזעצונג פונם טעקסט, פאַרעפנטלעכט דורך דער מ. ב. פּ. אין „אַלגע־מיינע אָנאָרדנונגען דעם מיליטערבעפעלסהאַבערס אין פראַנקרייך" פון 12־טן יוני 1942:

374, געברויך פון מעטראָ און פון לין דע סצאָ דורך די יידן

דער מיליטערישער בעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך האָט פאַראָרדנט, אַז אָנהויבנדיק פון 6. 6. 42, וועלן די יידן, וועלכע באַנוצן זיך מיט דער מעטראָ און מיט לין דע סצאָ, אַריינגעלאָזט ווערן בלויז אין לעצטן וואַגאָן פון די צוגן. דער דאָזיקער וואַגאָן, קאָן פונדעסטוועגן באַנוצט ווערן אויך דורך אַנדערע פּאַסאַזשירן. דער אַריינגאַנג אין די וואַגאָנעס, וואָס איז באַשטימט פאַר יידן, איז פאַרבאָטן פאַר די מיטגלידער פון דער ווערמאַכט.

לאָדן העפלעך די יידן, אַז אויף דער קומענדיקער סטאַציע זאָלן זיי איינשטייגן אין צווייטן קלאַס, לעצטער וואַגאָן.

קיין שום באַקאַנטמאַכונג איז נישט אויסגעקלעפּט געוואָרן און קיין שום עפנטלעכער קאָמוניקאַט.

די דאָזיקע נייע אינסטרוקציעס זענען אַריין אין קראַפט, אָנ־הויבנדיק פון זונטיק, דעם 7־טן יוני.

די דערמאָנטע מאָסנאַמען, זענען אייגנטלעך, בלויז די אויס־פירונג פון אַ באַפעל מצד דער דייטשער אויטאָריטעט, פון 8־טן נאָוועמבער 1940, לגבי די נעגער און די יידן; אַ באַפעל, וועל־כער האָט — אין באַצוג צו די לעצטע — נישט געקאָנט פּראַק־טיש אָפּגעהיט ווערן, צוליב דעם מאַנגל אין אַ ספּעציעלן אָפּצייכן.

אונטערגעשריבן: מאַני

(אַ מאַנגל אין אָפּצייכן פאַר וועמען: פאַר די נעגער, אָדער פאַר די יידן? עס איז קלאָר, אַז פאַר די יידן. וואָס שייך די נעגערס, האָט זיי די געטלעכע השגחה שוין „אָפּגעצייכנט" פון זיך אַליין. זי האָט דאָס פאַרפעלט צו טאָן פאַר דער פאַרשאָלטענער ראַסע צווישן אַלע, אָבער אָט האָט מען דאָס דערגאַנצט. אַדמיניסטראַציע און מעטאַפיזיק!)

וואָס אַנבאַלאַנגט דעם טעלעפאָן, איז דער הויפּט־„פירער" פון די טעלע־פאָן־קאָמוניקאַציעס ביים מיליטערבעפעלסהאַבער, באַאויפטראַגט געוואָרן צו טאָן דאָס נויטיקע. אָט איז די איבערזעצונג פון זיין בריוו:

3־טער יולי 1942.

## צום גענעראַל־סעקרעטאַר פון פּ. ט. ט.
## צו דער אויפמערקזאַמקייט פון ה' קאָמענדאַנט ביגאָרן
## פּ אַ ר י ז

אין די ראַמען פון די מאָסנאַמען, וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן קעגן די יידן — וועט דאָס באַנוצן זיך מיט טעלעפאָן־אַפּאַראַטן זיין, פון איצט אָן, פאַר־ווערט פאַר יידן.

איר ווערט געבעטן איבערצוגעבן אין די קאָמפּעטענטע אָפּ־טיילונגען פון פּ. ט. ט. די פאָלגנדיקע אינסטרוקציעס:

1) די טעלעפאָנישע אַפּאַראַטן פון אַלע יידישע אַבאָנענטן דאַרפן גלייך אָפּגעשרויפט און צוגענומען ווערן. דאָס איז נוגע אויך די יידן דאָקטוירים, וועטערינאַרן, אַפּטייקערס, הייבאַמס און אַנ־דערע ענלעכע פּראָפעסיעס, ווי אויך יידן אויסלענדער.

2) די יידישע אונטערנעמונגען, וועלכע זענען באַזעצט מיט

אָ־יאָניזירונג־אַדמיניסטראַטאָרן, וועלן קאָנען ווייטער האַלטן זייערע טעלעפאָנישע אַפּאַראַטן. די דאָזיקע אַפּאַראַטן דאַרפן דעקלאַרירט ווערן אויפן נאָמען פון די פּראָוויזאָרישע אַדמיניסטראַטאָרן און עס וועט זיין פאַרבאָטן פאַר די יידן זיך מיט זיי צו באַנוצן.

3) די אינסטאַלאַציעס פון נייע טעלעפאָנישע ליניעס, וועלן מער נישט דערלויבט ווערן פאַר יידן.

4) דאָס באַנוצן זיך מיט עפנטלעכע טעלעפאָנישע קאַבינעס און האַלב־עפנטלעכע, וועלכע זענען נישט קיין זשעטאָן־אַפּאַראַטן און וועמענס געברויך קאָן אין רעזולטאַט, קאָנטראָלירט ווערן (אָפּצאָל פון קאָמוניקאַציע־פּרייז אין א פּאָסט־ביוראָ, א הילפס־פּאָסט, אָדער צו אַן אַגענט פון דער ג. ט. ט.), וועט פון היינט אָן, פאַרבאָטן זיין פאַר יידן.

ביטע פאַנאַנדערשיקן די קאָפּיעס פון אינסטרוקציע־טעקסט.

אונטערגעשריבן : **קערסטען**

נאַכריכטענפירער

אָבער דאָ איז שוין די זאַך נישט צוגעגאַנגען אַזוי גלאַט. מיר דערמאָנען זיך, אפשר, אין דעם באַשיידענעם שטייער־צאָלער פון אַמאָליקע צייטן, וועלכער זייענדיק זיך שוין מיאש צו געפינען פאַר זיך אַנדערע כיבוד־טיטלען, האָט זיך באַשטעלט וויזיט־קאַרטן מיטן פאָלגנדיקן טיטל : „ה׳ איקס... גאַז־אַבאָנענט״. אין 1942, האָט דער פאַקט צו זיין אַן אַבאָנירטער אין דער טעלעפאָן־קאָמפּאַני — געהייסן א גלאָריע־טיטל, וואָס האָט געפאָדערט דאָס צושטעלן פון א ראַסן־צייגעניש. א גבית־עדות, דער דאָזיקער בריוו מצד דעם גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר יידישע פראַגן, צום מיניסטעריום פון פּ. ט. ט. :

דעם 21־טן יוני 1943.

**קאַבינעט נומער 8.343—43**

**דער גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר יידישע פראַגן**

**צום**

**ה׳ מיניסטער שטאַטס־סעקרעטאַר**

**ביי דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע און קאָמוניקאַציע**

**גענעראַל־סעקרעטאַר**

**פון פּאָסט, טעלעגראַף און טעלעפאָן**

**דירעקציע פון טעלעקאָמוניקאַציעס**

**(ערשטער ביוראָ)**

ענין : פאַרבאָט פאַר די יידן זיך צו באַנוצן מיט די טעלעפאָנישע קאָמוניקאַציע־ליניעס.

רעפערענץ: אייער בריוו פון 18־טן יוני 1943, נומער 1.376 מנ.

איך בין באַרייט אייך צו פאַרלייכטערן די אויספירונג פון די אינסטרוקציעס, וועלכע איר האָט באַקומען, אָבער צוגלייך מיט דעם ה' פּאָליציי־פּרעפעקט און צוליב דיזעלבע מאָטיוון, קען איך אייך צושטעלן אויסקינפטן וועגן ראַסע־אָנגעהעריקייט בלויז פאַר פּער־זאָנען און גרופּירונגען, וועלכע זענען נאָמענטלעך באַצייכנט, פון וועלכע איך פאַרשטיי גאַנץ גוט, אַז איר זענט נישט אימשטאַנד מיר צו קאָמוניקירן די ליסטע.

דעריבער, כדי צו באַזייטיקן די שוועריקייט, זע איך בלויז די פאָלגנדיקע צוויי לייזונגען, וועלכע וועלן זיך דאַרפן דערגאַנצן איינע די אַנדערע:

1) די דרינגנדיקסטע לייזונג איז — נאָך אַן אַנטשפּרעכנ־דיקן אָפּמאַך מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט — צו פאַרעפנטלעכן אַן אויפרוף אין דער פּרעסע און אין ראַדיאָ, אַז אַלע יידן, וועלכע פיגורירן אַלס טעלעפאָן־אַבאָנענטן, זאָלן תיכף — כדי אויסצו־מיידן סאַנקציעס — אָנגעבן אַ ביטע וועגן אויסשטרייכן זיי, אָן שום אָפּלייג, פון דער אַבאָנענטן־ליסטע. אַן ענלעכע באַקאַנטמאַ־כונג איז דערשינען אין דער זעלבער דאַטע פון אייער בריוו, אינם ביולעטין פון גענעראַל־פאַרבאַנד פון די איזראַעליטן אין פראַנק־רייך — או. זש. י. פ. (זען דעם בייגעלייגטן נומער);

2) צוליב קאָנטראָל־צוועקן, דאַרף מען פאַנאַנדערשיקן צו אַלע אַבאָנענטן, אָן אויסנאַם, אַ דעקלאַראַציע־בויגן אונטערצושרייבן, מיט דער אויפקלערונג פון זייער סיטואַציע אין שייכות מיט ראַסן־אָנגעהעריקייט.

אין פאַל פון אַ ספק, וועגן דער אָנגעהעריקייט פון וועמען עס איז צו דער יידישער ראַסע, שטייען די אַמטן פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט צו אייער דינסט, כדי אייך צוצושטעלן די אויס־קינפטן, וועלכע שטאַמען פון די דאָקומענטן אין זייער באַזיץ.

פאַר דעם גענעראַל־קאָמיסאַריאַט און פ. א.:

דער דירעקטאָר פון קאָנטראָל איבערן או. זש. י. פ.
(אונטערשריפט נישט־לעזבאַר)

נאָך אַלץ אין שייכות מיטן טעלעפאָן, אָט איז נאָך אַ בריוו פון גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר יידישע פראַגן, וועלכן עס איז כדאי איבערצודרוקן. ער איז דאַטירט פון 20־טן יוני 1941, אַ דאַטע, בעת וועלכער די אָבערפעלדקאָמענדאַנ־טור פון דיזשאָן האָט שוין געהאַט געטראַכט וועגן אויסשטרייכן, אין זיין באַ־צירק, אַלע יידישע טעלעפאָן־אַבאָנענטן; קסאַוויע וואַלאַ איז ביי אַן אַנדער

מיינונג — ער זעט בעסער און פיל וויטזעוודיקער (נישט בחינם איז ער אַן „עלטערער אַנטיסעמיט"). און זיין עפּיסטל־בריוו איז אַ קונסט־ווערק פון פיינצ־טערן הומאָר:

פּאַריז, דעם 20־טן יוני 1941.

**דער גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר יידישע פראַגן**
**צום פאָרשטייער פון מיליטערבעפעלסהאַבער**
**אין פראַנקרייך**
**ביים קאָנטראָל־אַמט**
**פון די פּראָוויזאָרישע אַדמיניסטראַטאָרן**

איך בין אינפאָרמירט דורך דער גענעראַל־דעלעגאַציע פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, אַז די אָבערפעלדקאָמענדאַטור פון די־זשאָן האָט איינגעלאַדן דעם באַצירק־פאָרשטייער פון פּ. ט. ט. אָפּ־צושאַפן דעם טעלעפאָן־געברויך פאַר אַלע יידישע אַבאָנענטן.

איך נעם מיר די דערלויבעניש אייך איבערצוגעבן די רע־פלעקסן, וועלכע אייער באַשלוס רופט ביי מיר אַרויס.

מיר שיינט, אויבנאויפיק, אַז קודם־כל וועט עס זיך אויס־דרוקן אין אַ היזק פון די איינקונפטן אין די פראַנצויזישע טעלע־פאָן־אַמטן און עס וועט אויך נישט גורם זיין צו קיין גרויסער פאַרמינערונג פון די קאָמוניקאַציעס צווישן יידן, ווייל די לעצטע וועלן שטענדיק האָבן די מעגלעכקייט צו טעלעפאָנירן פון אַן עפנט־לעכן פּלאַץ, אָדער ביי זייערע אַרישע פריינט.

דאַקעגן, שיינט מיר, אַז די פראַנצויזישע אַדמיניסטראַציע וועט נאָך דערביי פאַרלירן — נישט זייענדיק אימשטאַנד צו האָבן די אויפזיכט איבער די דאָזיקע קאָמוניקאַציעס, אַ דאַנק דעם קאָנ־טראָל פון די געשפּרעכן־רשימות — אַ וויכטיק אינפאָרמאַציע־מיטל איבער די יידן־טראַנסאַקציעס און איבער זייערע פּראָיעקטן.

איך דערלויב מיר אייך צו אינפאָרמירן מיין מיינונג, אין פאַל פון נויטווענדיקייט און איך וועל זיין זייער גליקלעך, אויב עס וועט אייך זיין מעגלעך, מיר צו מאַכן וויסן די אויספירן, וועלכע איר וועט וועלן דערפון אַרויסציען.

פאַר דעם גענעראַל־קאָמיסאַר:

דער קאַבינעט־דירעקטאָר
(אונטערשריפט אומלעזבאַר)

אַנדערע מאָסנאַמען זענען אין גאַנג:
.... אָפּצונעמען ביי די יידן זייער טאַבאַק־קאַרטע.

פאַריז, דעם 15טן יוני 1942.

**דער מיליטערבעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך**
**פראָפּאַגאַנדע־סעקציע**
**צום ס. ד.־האופטשטורמפירער דאַנעקער**
**פּ אַ ר י ז, אַוועני פאָש**

ענין: איינפירונג פון דער געלער לאַטע.

מיטן צוועק צו פּאָפּולאַריזירן דאָס איינפירן פון דער געלער לאַטע, אַ דאַנק אַ ריי קאָאָרדינירטע אַקציעס, לייגט פאָר די גרופּע פאַר אַקטיווער פּראָפּאַגאַנדע פון דער פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע, די פאָלגנדיקע מאָסנאַמען:

1) צוריקצוציען ביי די יידן, וועלכע געפינען זיך אין דער אָקופּירטער זאָנע, זייער טאַבאַק־קאַרטע — לטובת די פראַנצויזישע קריגס־געפאַנגענע.

דער דאָזיקער שריט וועט זיכער האָבן גינסטיקע פאָלגן.

די גרופּע האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט ביי אַ שמועס מיט די הערן פון פראַנצויזישן אינפאָרמאַציע־מיניסטעריום, בכדי זיך צו באַקענען מיט זייער מיינונג וועגן דער אויבנדערמאָנטער פּראָפּאָזיציע. דער דאָזיקער פאָרשלאַג איז באַצייכנט געוואָרן אַלס זייער אַ געלונגענער פון פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט און אַ וויכטיקער פון שטאַנדפּונקט פון פּראָפּאַגאַנדע...

... פאַרבאָטן זיי זיך צו באַנוצן מיטן טעלעפאָן פון זייערע פריינט און צו פאָרן אויף אַ ביציקלעט:

פאַריז, דעם 13טן אויגוסט 1942.

VII C

דער אינפאָרמאַטאָר 7 1 לייגט פאָר — אין רעזולטאַט פון פערזענלעכע באַאָבאַכטונגען — צו פאַרבאָטן אויף דער צוקונפט, פאַר אַלע יידן — צי זענען זיי אַבאָנענטן אָדער נישט — דאָס באַנוצן זיך מיט פּריוואַטע טעלעפאָן־אַפּאַראַטן.

ער לייגט אויך פאָר נישט צו דערלויבן די יידן זיך צו באַנוצן מיט ביציקלעטן.

... איינפירן ספּעציעלע בענק פאַר יידישע קינדער (מיר וועלן זען, אַז קסאַוויע וואַלאַ איז בכלל נישט געווען קעגן אָט דער מאָסנאָם):

**דער מיליטערבעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך**
**אַדמיניסטראַטיווער גענעראַל־שטאַב**

פּאַריז, דעם 28־טן יאַנואַר 1942.

ענין: יידישע שול־קינדער.

באַריכט־אָפּגעבער: קוואאס ברונס.

1. נאָטע:

בעת דעם געשפּרעך, וועלכער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דעם 27־טן יאַנואַר 1942, האָט דער גענעראַל־קאָמיסאַר פאַר יידישע פראַגן, וואַלאַ, געענטפערט אויף אַ ריי פראַגן, אין דעם זין פון דער נאָטע פון 15־טן יאַנואַר 1942.

וואַלאַ האָט דערקלערט, אַז די מאָסנאַמען וועגן סעגרעגירן די יידישע קינדער פון די פאָלקס־שולן, וועלן צום ערשט אָנגע־וועגדט ווערן אין אַלזשיר. לויט די רעזולטאַטן, וועלכע וועלן זיך דאָרטן באַקומען, וועט מען קאָנען אין אַכט נעמען דאָס איינפירן פון די דאָזיקע מאָסנאַמען אין דער פראַנצויזישער מעטראָפּאָליע.

2. איבערגעבן דער גרופּע 4 צוליב אינפאָרמאַציע־צוועקן.

3. נאָכאַמאָל פאָרשטעלן צום באַטראַכטן דעם 15־טן מערץ 1942 (אַ נייער פאַרזוך).

צוגעשריבענע נאָטע:

פאָרצושטעלן דעם 3־טן יוני 1942.

אונטערשריפט אומלעזבאַר.

אָבער עס איז שוין נישט נויטיק צו גיין ווייטער. די געלע לאַטע, מיט דער גאַנצער ריי פון אירע פיינלעכע פאָלגן, האָט שוין — לויט דער מיינונג פון די דייטשן — געגנוג געהאַט פאַרבאַרייט דעם באָדן אויף די ענטגילטיקע מאָס־נאַמען. דעם 15־טן יולי 1942, האָבן זיי אָרגאַניזירט די גרעסטע יאַגד אויף מענטשן, וואָס די געשיכטע פון פראַנקרייך האָט ווען עס איז געהאַט צו פאַר־צייכענען. איבער דעם אַריינגאַנג פון וועלאָדראָם ד'היווער, בולוואַר דע גרענעל אין פּאַריז, דערמאָנט אונז דערין דער אָנדענק־טאָוול מיט דער פאָלגנדיקער אויפשריפט:

דעם 16־טן יולי 1942

דרייסיק טויזנט מענער, פרויען און יידישע קינדער,
קרבנות פון די ראַסן־פאַרפאָלגונגען,
זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין דעם אָרט
אויפן באַפעל פון נאַציישן אָקופּאַנט.
און, פאַנאַנדערגעשיידט איינער פון צווייטן,
זענען זיי דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד
אין די אויסראָטונגס־לאַגערן.
פרייע מענטשן! געדענקט אין דעם!

# אָפּווייכונגען פון טראָגן די געלע לאַטע

בלייבט איבער צו מאַכן אַן איבערזיכט איבער די פאַלן פון יידן, וועלכע זענען באַפרייט געוואָרן פון טראָגן די געלע לאַטע. דער דאָזיקער פונקט איז געווען פאָרויסגעזען אין די אַלגעמיינע אינסטרוקציעס פון 1־טן יוני 1942:

אין פאַל פון באַזונדערע אומשטענדן, לטובת די אינטערעסן פון רייך, קענען פאָרויסגעזען ווערן אָפּווייכונגען בנוגע דער פאַראָרדענונג, אין איזאָלירטע פאַלן, אָבער דאָס דאַרף נישט אַרויסדרינגען פון דעם פאַראָרדענונגס־טעקסט.

פאַררופנדיק זיך אויף אָט דעם טעקסט, האָט דער מאַרשאַל פּעטען, פון זיין זייט, אינטערווענירט: דער פאָלגנדיקער בריוו איז אַדרעסירט געוואָרן צו דע

ווישי, דעם 12־טן יוני 1942.

מיין ליבער אַמבאַסאַדאָר,

מיין אויפמערקזאַמקייט איז מערערע מאָל געצווּנגען געוואָרן אויף דער פיינלעכער סיטואַציע, וועלכע זאָל זיך האָבן געשאַפן אין פיל פראַנצויזישע היימען; די נייעסטע פאַראָרדענונג מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט, וועגן דעם איינפירן דאָס טראָגן פון אַ ספּעציעלן אָפּצייכן פאַר די יידן, איז אָנגעווענדעט געוואָרן, אָן דער מעגלעכקייט פון צוטיילן נאַטירלעכע און נויטיקע דיסקרימינאַציעס.

איך בין איבערצייגט, אַז די הויכע דייטשע אויטאָריטעטן פאַרשטייען אויסגעצייכנט פון זיך אַליין, אַז געוויסע אויסנאַמען זענען אומבאַדינגט נויטיק; אגב, איז וועגן דעם דערמאָנט אינם טעקסט פון דער אַכטער פאַראָרדנונג. און דאָס זעט זיך מיר אויס נויטיק, בכדי גערעכטע מאַסנאַמען, וועלכע זענען אָנגענומען געוואָרן קעגן די יידן, זאָלן פאַרשטאַנען ווערן און אַקצעפּטירט ווערן דורך די פּראָווינצן. בעט איך אייך, דעריבער, דרינגנד, אַז ער זאָל באַוויליקן צו נעמען אין באַטראַכט די מיינונג, וועלכע איר וועט אים, פון מיין זייט, פאַרשטעלן, בכדי דער ה' קאָמיסאַר פאַר יידישע פראַגן זאָל קענען ווי צום שנעלסטן באַקומען די מעגלעכקייט, צו רעגולירן — אַ דאַנק אינדיווידועלע און אויסנאַמלעכע שריט — געוויסע באַזונדערס פּיינלעכע סיטואַציעס, וועלכע וועלן אונז אָנגעוויזן ווערן.

גלויבט, מיין ליבער אַמבאַסאַדאָר, אין אונזערע בעסטע געפילן.

אונטערגעשריבן: **פ. פעטען**

„גערעכטע מאַסנאַמען קעגן די יידן!". דער מאַרשאַל איז געווען אַ מאַנסטער פון צביעות. ער, וועלכער האָט בנוגע מאַסנאַמען פון אַ פּיל אומשעדלעכערן כאַראַקטער, וואָס זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין הערבסט 1941, דורך קס. וואַלאַ (1) — געשריבן דורך דעם שעף פון זיין ציווילן קאַבינעט:

איך האָב נישט געהאַט קיין צייט פּערזענלעך צו באַטראַכטן די פראַגע, אָבער דאָס ווייניקע וואָס איך ווייס פון דעם, וואָס איר האָט מיר געזאָגט דאָס וואָס איך האָב געלעזן... האָט מיך דערשטוינט. די דראַזיקע אַלע פראַגן זענען צו ערנסט און צו דעליקאַט און קענען גורם זיין צו פאַרלעצן געוויסע גאָר הויכע ווערטן און אָפּשאַצונגען...

און וועלכער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטער דער „מיינונג פון זיין קאָנפעסאָר", בעת אין הערבסט 1943, האָבן די דייטשן געפאָדערט פון אים דאָס צושטעלן צוגאַב־טראַנספּאָרטן פון יידן.

ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין, דורך דער פאַרמיטלונג פון דע ברינאָן, האָט דער מאַרשאַל באַקומען דריי אויסנאַמען לטובת „פּרויען פון אריער", וואָס האָבן אָנגעהערט צו דער הויכער געזעלשאַפט (2). אויפן סמך פון אַ נאָטע פון 18־טן יוני, זענען אַנדערע דריי פאַלן דיסקוטירט געוואָרן, בעת אַ זיצונג אין דער דריי־

(1) — פּראָיעקט פון קאָנסטיטואירן דעם או. זש. י. ק.
(2) — די גרעפין ד'אַראַמאָן, די מאַרקיזע פון שאַטעלו־לאָבאַ, און אַ דריטער פאַל, איבער וועלכן מיר האָבן נישט קיין איינצלהייטן.

**טשער אַמבאַסאַדע, צווישן אַבעטץ, צייטשעל און מיניסטער ראַהן פון איין זייט, און אָבערג, קנאָכען און דעם שטורמבאַנפירער האַגען, פון דער צווייטער זייט:**

... מען איז שפּעטער צוגעטרעטן צו רעדן איבער דער נאָטע פון פראַנצויזישן מלוכה־שעף וועגן די אָפּווייכונגען פון דער אַכטער פאַראָרדענונג.

אויף דער פראַגע פון דעם ס.־ס.־בריגאַדעפירער אָבערג, וועל־כע עס זענען די יידן, וועלכע דאַרפן באַפרייט ווערן פון דער לאַטע, אין די אינטערעסן פון דריטן רייך, זענען אַרויסגערוקט געוואָרן פאָלגנדיקע נעמען:

1) די פרוי פון פאַרשטאָרבענעם פילאָזאָף, בערגסאָן;

2) די פרוי פון שריפטשטעלער דע י. אויב עס וועט זיך באַשטעטיקן, אַז זי איז אַ יידישקע.

3) די פרוי פון שריפטשטעלער קאָלעט (!!!) — (טעקסטור־על).

אויף דער פראַגע פון ס.־ס.־בריגאַדעפירער אָבערג, צי די אויסנאַמען דאַרפן אויך חל זיין אויף מאַדאַם דע ברינאָן, האָט דער אַמבאַסאַדאָר אַבעטץ געענטפערט, אַז ער האָט מערערע מאָל גע'עצה'ט דע ברינאָן, אַז ער זאָל זיך גטן, ווייל אין דער ווירק־לעכקייט, איז ער קיינמאָל נישט געווען פאַרהייראַט מיט זיין יידי־שער פרוי. דער אַמבאַסאַדאָר האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט מער נישט פאָרצולייגן קיין שום אָפּווייכונגען.

**צום סוף, זענען די אויסנאַם־פאַלן געווען גאָר זעלטענע. איבעריקנס, אָט איז דער באַריכט פון רעטהקע, דאַנעקערס אַדיוטאַנט, וועלכן ער שיקט צו קנאָ־כען, אין שייכות דערמיט:**

פּאַריז, דעם 25־טן אויגוסט 1942.

פ אַ ר ט ר ו י ל ע ך !

אויסנאַמען פון טראָגן די לאַטע

בלויז אין זעלטענע און באמת־דרינגנדיקע פאַלן, האָט מען זיך באַנוצט מיט דער מעגלעכקייט צו באַפרייען די יידן פון טראָגן די לאַטע. עס האַנדלט זיך וועגן:

א) מאַדאַם דע ברינאָן, געבוירן פראַנק;

ב) דריי אויסנאַמען, וועלכע זענען געבעטן געוואָרן דורכן מאַרשאַל פּעטען;

ג) אַכט פאַלן, וועלכע האָבן זיך געניוויטיקט אין די אויס־נאַמען, צוליב דרינגנדיקע עקאָנאָמישע מאָטיוון.
ד) זיבן אויסנאַמען אויף דער ביטע פון א. ס. ט.;
ה) זעקס אויסנאַמען פאַר יידן, וואָס אַרבעטן מיט מיט דער אַנטי־יידישער פּאָליציי.
ו) איין אויסנאַם אויף דער ווענדונג פון ביוראָ 6 נומער 1.

סערטיפיקאַטן, גילטיקע ביזן 31־טן אויגוסט 1942, זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַלע אויבן־אויסגערעכנטע פאַלן. עס ווערט פּראָיעקטירט, זיי צו פאַרלענגערן אויף אַ נייעם דויער פון דריי מאָנאַטן.

אונטערגעשריבן : רעטהקע

די באַדייטונג פון : „דרינגנדיקע עקאָנאָמישע מאָטיוון" מיינט צו זאָגן, אַז דער פאַראינטערעסירטער — הויפּטזאַכלעך אין דער ראָל פון אַן אַגענט, אָדער פאַרמיטלער, האָט געאַרבעט פאַר איינעם פון די אומצייליקע דייטשע האַנדלס־ביוראָס אין פּאַריז. די אָ. ס. ט. אבוועהרשטעלע) איז געווען דער אַמט פון קעגן־שפּיאָנאַזש, דער ביוראָ 6 נומער 1 איז געווען אַן אויסקינפטן־אָפּטיילונג פון דער ס. ד. די פאַלן ד), ה) און ו) זענען אַלזאָ נוגע פּאָליציי־אינדיקאַטאָרן, וועמענס גרעסטע טייל איז, אגב, אַרעסטירט און דעפּאָרטירט געוואָרן דורך די דייטשן גופא. אַנדערע, ווי דער פאַרעטער מאָריס לאָפּאַטקאַ, זענען אַרעסטירט געוואָרן אין פּאַריז נאָך דער באַפרייאונג און באַקומען זייער שטראָף.

אָט איז דער נוסח פון אַן אויסנאַם־צייגעניש :

**דער קאָמענדאַנט פון דער סיפּאָ**
**און פון דער ס. ד. אין דעם סעקטאָר**
**פון מיליטערבעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך**

פּאַריז, דעם 13־טן יולי 1942.

## צ י י ג ע נ י ש

עס ווערט באַשטעטיקט דורך דעם קעגנוווערטיקן, אַז מאַדאַם דע ברינאָן, געבוירן פראַנק, זשאַן־לואיזע, געבוירן דעם 23־טן אַפּריל 1896 אין פּאַריז, וואוינט איצטער אין שאַטאָ לאַ שאַסאַן, נעבן פעללעטען (קרעז), איז באַפרייט פון איצטער אָן ביזן 31־טן אויגוסט 1942 איינשליסלעך, פון דער פאַראָרדענונג אָנגענומען דורכן אַכטן דעקרעט, בנוגע די אַנטי־יידישע מאָסנאַמען פון 29־טן

מאַי 1942 פון טראָגן די געלע לאַטע, ביז אַ פולשטענדיקער אויפ־
קלערונג וועגן איר אָפּשטאַמונג.

פאַרן ס. ס.־שטורמבאַנפירער
(אונטערשריפט אומלעזבאַר)

**באַמערקונגען:**

1) געגעבן דעם 13־טן יולי צום שטורמבאַנפירער האַגען, וועלכער וועט זיך אַליין פאַרנעמען מיטן איבערשיקן אים און וועט אַדורכפירן די אַנקעטע.

2) צום קלאַסירן: „אָפּווייכונגען פון טראָגן די געלע לאַטע".

די גרעסטע טייל פון די בקשות וועגן די באַפרייאונגען פון טראָגן די לאַטע, צי עס זאָל זיך האָבן געהאַנדלט וועגן אינדיווידועלע ווענדונגען, אָדער וועגן אַדמיניסטראַטיווע אינטערווענצן, זענען — מיר חזרן עס איבער — אָפּגע־וואָרפן געוואָרן. אַזוי אויך די בקשה פון קאָלאָנעל סימאָנען, קאָמענדאַנט פון דעם רעגימענט פון סאַפּערן־פייערלעשער, וועלכער האָט זיך געווענדעט לטובת זיינע 28 יידישע אונטערגעאָרדנטע:

פאַריז, דעם 15־טן יוני 1942.

**דער הויפּט־שעף פון די ס. ס. און פון דער פּאָליציי**
**צו הער קאָלאָנעל סימאָנען,**
**קאָמענדאַנט פון רעגימענט פון סאַפּערן־פייערלעשער**
**אין פּאַריז**

רעפערענץ: אייער בריוו פון 2־טן יוני 1942, נומער 234 קאָל. ס.

אין אייער בריוו, וועלכער ווערט דערמאָנט אין דער רעפע־רענץ, בעט איר אונז צו באַפרייען 28 קאַפּאָראַלן און סאַפּערן יידן פון דער רעזערוו, וואָס דינען אין רעגימענט פון סאַפּערן־פייער־לעשער אין פּאַריז — פון טראָגן דעם יידישן אָפּצייכן.

איך קען נישט אַנטקעגנקומען אָט דער בקשה. אַלע יידישע אָפּשטאַמיקע, וועלכע פאַלן אַרונטער אונטער דער פאַראָרדענונג פון 29־טן מאַי 1942, מוזן תיכף און אָן שום אָפּליִיג, אָנטון די לאַטע.

אונטערגעשריבן: **אָבערג**
ס. ס.־בריגאַדעפירער
און גענעראַל־מאַיאָר פון דער פּאָליציי

אויף צו פאַרענדיקן, אַט איז אַ קורטעלין־בילדל: צווישן די אויסנאַם־פאַלן צוליב „עקאָנאָמישע מאָטיוון”, געפינען מיר דעם ענין האוּפּטשטורמפירער זשאָזעף ווילבערגער. אויפן סמך פון אַ ראַפּאָרט, וואָס איז רעדאַגירט געוואָרן דעם 11־טן פעברואַר 1943 דורך אייכמאַנען פערזענלעך:

ווילבערגער איז געוואָרן באַאויפטראַגט אין 1940 דורכן גאָרלייטער פון הויכן־דאָנאַו, צו מאַכן פאַרשידענע איינקויפן פאַר דער פּראָווינץ פון הויכן־דאָנאַו. צום אָנפאַנג, האָט זיין אויפפירונג נישט דערוועקט קיין שום פאָרוואורף.

פונדעסטוועגן, זעצט ווייטער פאָר אייכמאַנס באַריכט:

... עס איז שפּעטער פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אין זיין אַקטיוויטעט האָבן אים אַרויסגעהאָלפן צוויי אינטעגראַלע יידן (פאָלליודען), וועמענס אָנגעהעריקייט צו דער יידישער ראַסע איז אים געווען באַקאַנט. זייערע באַציאונגען זענען צום סוף געוואָרן אַזעלכע, אַז ער איז פולשטענדיק אַרונטערגעפאַלן אונטער זייער איינפלוס. מיטן ציל, כדי די יידן זאָלן נישט באַאומרואיקט ווערן אין דער אויספירונג פון זייער אַקטיוויטעט, האָט ווילבערגער זיי פערזענלעך אויסגעשטעלט סערטיפיקאַטן, וועלכע באַפרייען זיי פון טראָגן די געלע לאַטע. די דאָזיקע סערטיפיקאַטן האָבן אַנטהאַלטן פאָלגנדיקע צושריפט:

„די קעגנווערטיקע ציגענישן זענען אויסגעשטעלט געוואָרן מיט דער באַשטעטיקונג פון ס. ד.־ביוראָ, סעקציע 6 ב”.

אין הסכם מיט די אָנווייזונגען פון ראַט באָדאָ, פון דער דייטשער אַמבאַסאַדע אין פּאַריז, האָט זיך ווילבערגער — אָן דעם וויסן פון דעם לעצטן — באַזאָרגט אין זיין ביוראָ מיט די אַנטשפּרעכנדיקע פאָרמולאַרן. עס איז צו באַמערקן, אַז ווילבערגער האָט איבערגעגעבן די סערטיפיקאַטן צו די יידן אין אַ געבורטסטאָג פון איינעם פון זיי, צוגעבנדיק דערביי, אַז דאָס איז זיין שענסטער געבורטסטאָג־פּרעזענט.

ווילבערגער האָט זיך אויך געשטעלט אין אינטימע פאַרבינדונגען מיט דער פראַנצויזין ע. ס... (אַ יידישקע), יינגער פון אים מיט 30 יאָר. ער האָט זי געמאַכט פאַר זיין סעקרעטאַרין און האָט אַלע זיינע געשעפטן אָנפאַרטרויט דער לעצטער, צוזאַמען מיט די צוויי יידן. צום סוף איז ער צוריקגערופן געוואָרן קיין פּאַריז און איינגעזעצט אין לינץ.

מען בעט נאָכצוקאָנטראָלירן, צי די סערטיפיקאַטן, וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָ, זענען טאַקע אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דער באַשטעטיקונג פון דער סעקציע.

אונטערגעשריבן: אייכמאַן

DER MILITÄRBEFEHLSHABER IN FRANKREICH
PROPAGANDA-ABTEILUNG
PROPAGANDA-STAFFEL PARIS

PARIS, DEN 5.6.1942
52, Champs-Élysées
Tél.: ELYsées 18-87

Referat: A.P.
Tgb. Nr.
Betr.: Einführung des Judensterns
Bezug:

5. JUN 1942

An den

Befehlshaber der Sicherheitspolizei und
des S.D. im Bereich des
Militärbefehlshabers Frankreich

P a r i s

Avenue Foch

Nach stündlich einlaufenden Berichten betreiben gaullistische und komunistische Kreise eine massive Propaganda, um am kommenden Sonntag Unruhen zu erzeugen. Es sind Richtlinien ausgegeben worden, dass vor allem auf den grossen Boulevards die mit Judensternen gekennzeichneten Juden mit Sympathiekundgebungen gegrüsst werden sollen. Weiterhin ist geplant - in einem früheren Bericht wurden schon daraufhingewiesen - dass gaullistisch und komunistisch eingestellte Nichtjuden ebenfalls mit gelben Sternen aufden Strassen erscheinen sollen, die nicht mit der Bezeichnung Jude, sondern mit dem Namen französischer Provinzen versehen sind. Angeblich sollen in gaullistischen Familien eifrig entsprechende gelbe Sterne genäht werden. Auch soll geplant sein, die Einführung des Judensterns dadurch lächerlich zu machen, dass die Juden nicht nur einen Stern, sondern auf dem Anzug möglichst viele Sterne tragen.

Auf Grund der einlaufenden Meldungen erscheint es notwendig, dass

für kommenden Sonntag weitgehende polizeiliche Sicherheitsmassnahmen getroffen werden.

Es ist notwendig, rücksichtslos jede Beifallskundgebung gaullistischer und komunistischer Elemente zu unterdrücken und die Träger von "falschen" Judensternen zu verhaften und entsprechend zu bestrafen. Es wäre ausserordentlich heilsam, verhaftete Elemente dieser Art mit dem nächsten Schub nach dem Osten zu deportieren. Unter Umständen empfiehlt es sich auch, für kommenden Sonntag den Juden überhaupt das Betreten bestimmter Strassen, wie Champs-Elysées, grosse Boulevards, rue de Rivoli und bestimmter Plätze zu untersagen. Als Zentrum möglicher Unruhen muss das Gebiet zwischen Madeleine und Place de la Nation angesehen werden.

Hauptmann u. Staffelführer

פאַקסימיליע פונם ראַפּאָרט פון דער „פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע פּאַריז“, ציטירט זייט 78.

# די געלע לאַטע און די נישט־יידן

## פּסיכאָלאָגישע פּאָרבאַרייטונג

די דייטשע אומרואיקייט

און איצטער, לאָמיר צוטרעטן צו באַטראַכטן די רעאַקציע מצד דער פראַנ־צויזישער עפנטלעכקייט.

מיט אָט דער רעאַקציע האָט זיך די אָקופּאַציע־מאַכט געהאַט באַשעפטיקט נאָך גאָר פון פאָרויס. דעם 17־טן מאַי 1942, האָט זיך דאַנעקער נאָכגעפרעגט ביי זיין קאָלעגע פון האַאַג (מיר דערמאָנען דאָ, אַז דער אָפּצייכן איז אין ני־דערלאַנד איינגעפירט געוואָרן אין אַפּריל 1942):

דאָס באַצייכענען די יידן רופט אָן אין פראַנקרייך. דעריבער וועל איך אייך זיין זייער דאַנקבאַר, אויב איר וועט מיר צושיקן אַ באַריכט, וואָס זאָל מיך אינפאָרמירן וועגן דער רעאַקציע מצד די יידן, מצד דער נישט־יידישער באַפעלקערונג און, באַזונדערס, מצד די אַרבעטער, געבנדיק מיר גלייכצייטיק אַ בילד וועגן די פרע־ווענטיווע און דירעקטע מאָסנאַמען, וועלכע איר האָט אונטערגענו־מען.

דער „אינפאָרמאַציע־באַריכט”, וועלכן דאַנעקער האָט באַקומען מיט עטלע־כע טעג שפּעטער, איז אויף אַזוי ווייט אינטערעסאַנט, אַז נישט־קוקנדיק אויף זיין צו־לאַנגן טעקסט, וועלן מיר אים דאָ אינגאַנצן ציטירן. ער ברענגט בולט אַרויס די נאָבעלע רעאַקציע פון דער האָלענדישער באַפעלקערונג, ווי אויך די צביעותדיקע און בהדרגהדיקע נאַצישע טאַקטיק.

האַאַג, דעם 8־טן יוני 1942.

דאָס איינפירן פון דער געלער לאַטע אין האָלאַנד, איז היים באַגריסט געוואָרן דורך אַלע פראָ־דייטשע האָלענדער.

אין די פיינטלעכע קרייזן, און הויפּטזאַכלעך אין די רעליגיעזע קרייזן, האָט די דאָזיקע דערשיינונג אַרויסגערופן, ווי עס איז אָגב,

נגוועזן צו דערוואַרטן — אַ שאַרפֿע עמפּערונג אין באַצוג צו דער אָקופּאַציע־מאַכט און אַן אַלגעמיינעם מיטגעפֿיל לגבי די ייִדן. די דראַסטישע מאָסנאַם איז באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ נייע אַריינמישונג אין די רעכט פֿון דער האָלענדישער אויבער־הערשאַפֿט, און דאָס אָפּצייכענען די ייִדן איז באַצייכנט געוואָרן ווי אַ שאַנדע פֿאַר דעם גאַנצן האָלענדישן פֿאָלק. אַפֿילו אין די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע קרייזן פֿון נידערלאַנד, איז די דראַסטישע מאָסנאַם, אין אָנהויב, נישט אײַנגאַנצן פֿאַרשטאַנען געוואָרן. עפֿנטלעך, און הויפּטזאַכלעך, אין עפֿנטלעכן טראַנספּאָרט־וועזן — האָט מען געקענט זייער אָפֿט באַ־אָבאַכטן, אַז די אָפּגעצייכנטע ייִדן זענען דורך די האָלענדער באַ־האַנדלט געוואָרן מיט אַן אַבזיכטלעכער פֿרײַנטלעכקייט און העפֿ־לעכקייט. אין די ערשטע טעג, האָבן די האָלענדער אויסגעדרוקט זייער סימפּאַטיע לגבי די ייִדן, אָנטוענדיק אויף זיך אַליין אַן אמתע אָדער אימיטירטע לאַטע. די ענערגישע מאָסנאַמען קעגן די ייִדן, וועלכע האָבן נישט געטראָגן די לאַטע, ווי אויך קעגן די דערמאָנטע פּערזאָנען — האָבן אין אַ געוויסער מאָס, באַרואיקט די געמיטער, און נאָך מער צוליב דעם, וואָס די דײַטשע און די האָלענדישע פּרעסע האָבן זיך אויפֿסניי אָנגעהויבן צו באַשעפֿטיקן מיט דער פּראָגע, ווי אַזוי צוצופּאַסן די אָנווענדונג צו די ייִדן. די אָנגעהע־ריקע צו דער ייִדישער ראַסע, וועלכע האָבן אין אָנהויב, געטראָגן די לאַטע מיט שטאָלץ — זענען אינצווישנצייט געוואָרן מער פֿאָר־זיכטיק, ווײַל זיי האָבן מורא געהאַט פֿאַר נייע שריט מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט. די ייִדן, וועלכע טראָגן נישט די געלע לאַטע, ווערן תיכּף אַרעסטירט: מיר האָבן געפֿאָדערט זייער איבערפֿירן אין קאָנ־צענטראַציע־לאַגער פֿון מאַטהאַוזען. די נישט־ייִדן, וועלכע טראָגן די לאַטע, ווערן אײַנגעשפּאַרט אויף זעקס וואָכן און ווערן שפּעטער באַפֿרײַט, נאָך אַן ענערגישער וואָרענונג (1).

נייע אַנטי־ייִדישע מאָסנאַמען זענען פֿאָרויסגעזען אויף היינ־טיקער וואָך; די מאָסנאַמען, וועלכע זענען פּראַקטיש געוואָרן רעאַ־ליזירבאַר, זינט עס איז אײַנגעפֿירט געוואָרן די געלע לאַטע, זע־נען נעמלעך:

1) אַ פֿאַראָרדענונג וועגן קאָנטאַקט מיטן פּובליקום: אויס־נאַם־צושטאַנד, פֿאַרבאָט זיך צו באַנוצן מיט אַלערליי עפֿנטלעכן

---

(1) צו פֿאַרגלײַכן די דראַסטישע האָלענדישע אײַנשטימיקייט מיטן פֿאַל פֿון דענעמאַרק. אין אַט דעם קליינעם צפֿון־לענדל, איז די געלע לאַטע קיינמאָל נישט אײַנגעפֿירט געוואָרן. דער קעניג קריסטיאַן דער 10־טער האָט זיך געשטעלט בראש פֿון דער פֿאָלקס־אָפּאָזיציע, דערקלערנ־דיק אַז — פֿאַרן ערגסטן פֿאַל — וועט ער זײַן דער ערשטער אָנצוטאָן די געלע לאַטע. און די דײַטשן האָבן דאָס געמוזט אויפֿגעבן.

און פּריוואַטן טראַנספּאָרט־וועזן (אַ חוץ מיט ביציקלעטן, וועלכע זענען דערלויבט אין אַמסטערדאַם), פאַרבאָט זיך צו באַנוצן מיט טעלעפאָנען און צו באַזוכן נישט־יידישע ראַזיר־אַנשטאַלטן.

2) אַ פאַראָרדענונג, אַרויפצולייגן אַ ספּעציעלן שטעמפּל אויף די באַשפּייזונגס־קאַרטן פון די יידן. אין יעדער פּראָווינץ, זענען די מאַגאַזינען, די קויפס־שעהן און די סכומים סחורות אונטערגעוואָרפן אַ ספּעציעלער רעגלעמענטירונג.

3) אַ פאַראָרדענונג, וואָס פאַרבאָט פאַר די יידן די פאָלגנ־דיקע פּראָפעסיעס: קאָמיסאַרן־ליציטאַטאָרן, הלוואה־געבער, דראָ־גיסטן, וועגווייזער, עקספּערטן־בוכהאַלטערס, מאַסירער און הענד־לער אויף מערק און ירידים.

אונטערגעשריבן: צאַעפּף

אין זיין בריוו פון 27־טן מאַי 1942, האָט דאַנעקער גערעדט וועגן „פּרע־ווענטיווע און דירעקטע מאַסנאַמען". די „פּרעווענטיווע" מאַסנאַמען ווערן איבער־געגעבן צום באַטראַכטן אין פראַנקרייך, פון אָנהויב מאַי. דער מיליטערבעפעלס־האַבער אין פראַנקרייך פאַרנעמט זיך דערמיט פּערזענלעך און זיין אַדמיניסטראַ־טיווער גענעראַל־שטאַב זוכט צונויפצוזאַמלען די מאַטעריאַלן. צו דעם צוועק, ווענדעט ער זיך צו דער מיליטערישער זשאַנדאַרמעריע:

**דער מיליטערבעפעלסהאַבער אין פראַנקרייך**
**אַדמיניסטראַטיווער גענעראַל־שטאַב**

פּאַריז, דעם 13־טן מאַי 1942.

**האָטעל „מאַזשעסטיק", 19, אַוועני קלעבער**
**צום דירעקטאָר פון דער מיליטערישער פּאָליציי**
**פּ אַ ר י ז**

נאָך דעם היינטיקן חודש, וועט דער מיליטערבעפעלסהאַבער פאַרעפנטלעכן אַ פאַראָרדענונג וועגן דעם אָפּצייכן פאַר די יידן.

עס איז נויטיק צו שאַפן אַן אומבאַדינגטע פאַרשטענדעניש לגבי אָט דער פאַראָרדענונג, ביי דער פראַנצויזישער באַפעלקע־רונג, מיט דער הילף פון פּראָפּאַגאַנדע, פּרעסע און ראַדיאָ.

עס וואָלט געווען ווינטשנסווערט, צוליב דעם צוועק, אויפ־צוקלערן אין דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע, אַז די לעצטע צייטן האָבן זיך די יידן אַרויסגעוויזן, אין גאָר אַ גרויסער מאָס, צו זיין די מחברים און די פאַראורזאַכער פון די קאָמוניסטישע און טע־ראָריסטישע אַטענטאַטן קעגן דער ווערמאַכט. אַ גרויסע צאָל פון

אזעלכע יידן, זענען ציטירט געוואָרן אינם ראַפּאָרט פון 12־טן מאַי 1942. מיר בעטן דעריבער, צוצושטעלן אין רשות פון דער פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע (פראַנקרייך) די נויטיקע מאַטעריאַלן.

פאַר דעם מיליטערבעפעלסהאַבער
דער שעף פון דעם אַדמיניסטראַטיוון גענעראַל־שטאַב:
(אונטערשריפט אומלעזבאַר)

אין אַט דער פאָרעם, איז דער פאָרשלאַג פונם מיליטערבעפעלסהאַבער גע־בליבן אָן אַן ענטפער. דעם 21־טן מאַי, האָט דער דירעקטאָר פון דער מיליטערי־שער פּאָליציי געענטפערט, אַז „וואָס שייך די אַרעסטירטע יידן... איז די אויס־פאָרשונג נאָך אין גאַנג. עס איז אונז דעריבער אוממעגלעך, ביים איצטיקן מאָ־מענט, צו קאָמוניקירן די מאַטעריאַלן". אָבער שפּעטער האָט מען זיך צוריקגע־קערט צום ענין.

זייענדיק באַאויפטראַגט, אין דער ערשטער ריי, צו באַטראַכטן די „פּרעווענ־טיווע מאָסנאַמען", האָט די „פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע", וועלכע איז דערמאָנט אינם בריוו פון מיליטערבעפעלסהאַבער, פאָרמולירט פון איר זייט, די פאָלגנדיקע שטע־לונג וועגן אַט דעם ענין (וואָס דאַרף דערמאָנט ווערן צום לויב אויפן חשבון פון דער פּאַריזער פּאָליציי):

**פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע**
**פּ אַ ר י ז**

פּאַריז, דעם 1־טן יוני 1942.

**צום אויבער־שעף פון דער ס. ס. און פון דער פּאָליציי**
**72, אַוועני פאָש, פּאַריז 16־ער**

אויפן סמך פון די אויסקונפטן מצד די פראַנצויזישע קאָלאַ־באָראַציאָניסטישע קרייזן, האָט די פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע אַרויסגע־טראָגן דעם איינדרוק, אַז די אַנטי־יידישע מאָסנאַמען האָבן ביז היינט צו טאָג, נישט געהאַט די געהעריקע ווירקונג און דאָס, קודם־כל, צוליב דער וויכקייט פון דער פראַנצויזישער פּאָליציי. פון איין זייט איז אַ פאַקט, אַז אַ גרויסע צאָל יידן האָבן זיך נישט דעקלאַרירט און בלייבן פאַררעכנט אַלס מכלומרשטע טערקן, אַר־מענער, רומענער א. אַ. וו... פון דער צווייטער זייט, האָבן די אויו־טאָריטעטן פון דער פראַנצויזישער פּאָליציי נישט געטאָן דאָס נוי־טיקע, כדי אַריינצונעמען אין זייערע רשימות אַלע יידן אָן אויס־נאַם, וועלכע לעבן אין פּאַריז.

די מאָסנאַמען קעגן די יידן, זענען געוואָרן און ווערן נאָך

אַלץ אָנגעווענדט, מצד דער פראַנצויזישער פּאָליציי, מיט אַ בכיוונ־דיקער נאַכלעסיקייט. דער פּאַרבאָט אַרויסצוגיין און צו האַנדלען, איז פאַרבליבן אַ טויטע זאַך אויפן פּאַפּיר. מען מוז אפילו פעסט־שטעלן, אַז די פראַנצויזישע פּאָליציי־אָרגאַנען, שטיצן באַוואוסט־זיניק אונטער דאָס עובר זיין, מצד די יידן, דעם רעגולאַמין. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין רעזולטאַט, לאָכט זיך דאָס פּאַ־ריזער יידנטום פיל־ווייניק אויס פון די פאַראָרדענונגען, וואָס דאָס איז, פון אַ באַזונדערער זייט, גורם צו נעגאַטיווע פּאָלגן פון פראָ־פּאַגאַנדע־שטאַנדפּונקט. עס איז קלאָר, אַז די מאָסנאַמען פון דעם מיליטערבעפעלסהאַבער, וועלכע ווערן שלעכט, אָדער אינגאַנצן נישט אָנגעווענדט — דינען ווייט נישט, אויף צו פאַרגרעסערן די אויטאָריטעט פון די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען, צווישן די ברייטע קרייזן פון דער באַפעלקערונג.

דאָס איינפירן די געלע לאַטע... קען פון פּראָפּאַגאַנדע־שטאַנד־פּונקט האָבן דעם געהעריקן דערפּאָלג, בלויז אין פאַל, ווען די דאָזיקע פאַראָרדענונג וועט אומברחמנותדיק אָנגעווענדט ווערן אין גאַנצע הונדערט פּראָצענט. אַלנפאַלס, באַדייט דאָס, אַז די פּאָלי־ציי־אָפּטיילונגען, וועלכע פאַרנעמען זיך, ביי היינט צו טאָג, מיט די דאָזיקע פראַגן — דאַרפן פאַרביטן ווערן מיט אַנדערע פּאָליציי־אָרגאַנען, וועלכע מען זאָל, ביז אַ געוויסער מאָס, קענען שענקען דעם צוטרוי. אויף ווי ווייט די אַנטי־יידישע פּאָליציי, וועלכע ווערט פּראָיעקטירט מצד דעם נייעם גענעראַל־קאָמיסאַר (1), וועט דינען צו דעם צוועק אַלס ווירקזאַמער געווער, אָדער — מיט דער הילף פון די קאָלאַבאָראַציאָניסטישע פּאַרטייען, הויפּטזאַכלעך פון דער פּ.פּ.פּ. — זאָלן קענען געשאַפן ווערן נייע אויפזיכטס־אָרגאַנען, דאָס קען דורך אונז נישט אָפּגעשאַצט ווערן, אָבער, פאַר יעדן פאַל, איז נויטיק, אַז די נייע מאָסנאַמען זאָלן אָנגעווענדט ווערן אין אַן ענערגישערער פאָרעם, ווי די פריערדיקע.

אין די דאָזיקע שורות פון דער „פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע" איז פאַראַן אַ געוויסע איבערטרייבונג. מיר ווייסן גוט, אַז אפילו אין דער דאַטע, וועלכע אינטערעסירט אונז, האָט שוין דער דראַנסי־לאַגער עקזיסטירט פון איבער 10 חדשים, אַז צענ־דליקער טויזנטער יידן זענען שוין דאָן געהאַט אינטערנירט געוואָרן, דעפּאָרטירט און דערשאָסן געוואָרן, אַז דאָס לעבן פון די, וועלכע זענען נאָך דעמאָלט געווען אויף דער פריי, די צוקונפטיקע דעפּאָרטירטע — איז ווייט נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. די סיטואַציע איז זיכער נישט אַזעלכע, אַז עס זאָל האָבן מעגלעך געווען „אויסצולאַכן זיך" פון די דייטשע מאָסנאַמען. אָבער מיר זען שוין דאָ

(1) דאַרקיע דע פּעלעפּואַ.

אַרויסשפּאַרן די אומרואיקייט, בנוגע די פּסיכאָלאָגישע קאָנסעקווענצן פון די נייע מאָסנאַמען, וואָס די דייטשן האָבן שוין דעמאָלט, זייער ריכטיק, אַרויסגע־פילט.

## אָרקעסטרירונג און אַרויסטריט

גלייך נאָך דער פאַרעפנטלעכונג פון דער 8־טער פאַראָרדענונג, האָט זיך גע־נומען אַרויסרוקן אויפן ערשטן פּלאַץ די „פּסיכאָלאָגישע פּראָפּאַגאַנדע״, וועגן וועלכער עס רעדן די באַריכטן פון דער פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע. די גאַנצע פאַר־קנעכטעטע פּרעסע האָט געפייערט די געשעעניש. די „טעכניקער״ האָבן זאָרגפעל־טיק פאַרגליכן די דאָזיקע אַרטיקלען, וועלכע געפינען זיך, צווישן אונזערע אַקטן־שטויסן, אין אַ גרויסער צאָל: דער אומפאַרמיידלעכער היסטאָרישער ראַפּעל האָט זיך דאָרט צונויפגעפלאָכטן מיטן לויב־געזאַנג לטובת דעם רום פון דריטן רייך. די דאָזיקע אַנטאָלאָגיע מצד דער נאַצי־פּרעסע איז נישט ווערט, אַז מען זאָל זיך דעריבער אָפּשטעלן (1); אַלס אַן איינציקער ביישפּיל, זאָלן דינען די דאָזיקע „שאַפּונגען״, וועלכע זענען — אונטער דער אונטערשריפט פון ר. אָבעלען, דער־שינען אין „פּאַריז־מידי״ פון 8־טן יוני 1942:

### שלמה׳ס זיגל און דער מגן־דוד מיט פינף עקן

די דאָזיקע צוויי עמבלעמען זענען אין קאַמף
זינט דער ווייטער אַלטערטימלעכקייט

די יידן דאַרפן — אַ דאַנק דער פאַראָרדענונג פון הייַנטיקן חודש — טראָגן פון איצט אָן גאַנץ אָנזעבאַר, דעם עמבלעם, וועלכן זיי האָבן, פון אַלע צייטן אַדאָפּטירט אַלס סימבאָל פון זייער ראַ־סע. מיר, פון אונזער זייט, וואָלטן זיך נישט געפילט דערנידעריקט, ווען מיר זאָלן דאַרפן עפנטלעך טראָגן אַ קאָקאַרדע, וואָס זאָל דינען ווי אַן אָנזאָג, אַז מיר זענען פראַנצויזן, אָדער אַריער... דער פאַקט פון זיין אַ ייד זאָל, הייסט עס, אָנערקענט ווערן דורך די יידן גופא, אַלס אַ דעפעקט?

„שלמהס חותם״ און דער שטערן מיט פינף עקן

ווי עס זאָל נישט זיין, וואָלט אפשר נישט אומנוציק געווען צו מאַכן דאָ דעם אונטערשייד צווישן צוויי סימבאָלן, וועלכע ווערן

(1) וואָס אַנבעלאַנגט דער טעכניק פון דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, שיקן מיר אָפּ אונזערע לייענער צו דער פאָרשונג פון ה׳ זשאַק פּאָלאָנסקי: „די פּרעסע, די פּראָפּאַגאַנדע און די עפנטלעכע מיינונג אונטער דער אָקופּאַציע״ (פאַרלאַג צענטער, פּאַריז).

אפּט פאַרמישט: מיר ווילן דאָ רעדן וועגן דער העקסאַגראַמע, אַ־דער „שלמה'ס זיגל" און דער פּענטאַגראַמע, דעם שטערן מיט פינף שפּיצן אָנשטאָט מיט זעקס, וואָס איז דער עמבלעם פון איס־לאַם, פון יעדן פאַרעלטערטן לבנה־קולט, דער אַמאָליקער פאַריינ־קונגס־סימן פון דער גרויסער פּיטאַגאָרישער געזעלשאַפט, דער אַנ־טיסעמיטישער עמבלעם.

### דער סימבאָל פון דער קריסטאַליזירונג

מיר ווילן, קודם־כל, פאַרצייכענען, אַז די דאָזיקע צוויי שטערן קאָנקרעטיזירן מיט זיך צוויי קעגנגעזעצטע נאַטור־כוחות. די העק־סאַגראַמע, אָדער דער שטערן מיט זעקס שפּיצן, סימבאָליזירט די קריסטאַליזאַטאָרישע קראַפט. זאָל מען באַטראַכטן די שניי־קרים־טאַלן און מיר ווילן, נעמלעך, פעסטשטעלן, אַז אַלע שטעלן זיי מיט זיך פאָר שלמה'ס חותם אָדער, זענען, לכל הפּחות, אַקסירט אויף אַ ראָד מיט זעקס שטראַלן. די קריסטאַלן, וואָס ווערן צונויפ־געשטעלט דורך דעם סאָדיום־כלאָריר, וואָס איז געמישט צו איי־ערע טרערן, לייענערינס מיט צאַרטע הערצער, שטעלן מיט זיך פאָר — קרייצן! אָבער אין מייסטנס פאַלן, איז עס דער זיגל פון שלמה'ן, וואָס איז דער פונדאַמענט פון אַלע קריסטאַלן. קיינ־מאָל האָט מען אים נאָך נישט באַגעגנט באַצייכענענדיק מיט זיינע פּראָפּאָרציעס אָדער זיינע אָפּווייכונגען — לעבעדיקע אָרגאַניזמען.

— — — — — — — — — — — — —

ווי עס זאָל נישט זיין, איז דער ליכט־שטערן, די פּענטאַגראַ־מע פון האַרמאָניע, דער צייכן וואָס איז געווען די עמבלעם פון קונסט און פון דעם מיטלמער־געדאַנק, דער וואָס באַצייכנט אונ־זער גאַנצע קולטור.

אויב, אין איין טאָג, וואָלטן מיר געדאַרפט אַנטקעגנשטעלן שלמה'ס שטערן אויף אַ געלבן פאָן, אַ גלייכווערטיקן „סיגילום", דאַרפן מיר אַדאָפּטירן דעם „צייכן" פון דער קעניגין פון הימל, די „געטלעכע" פּענטאַגראַמע, וועלכע איז די עמבלעם פון וויסן, האַרמאָניע און שיינקייט...

די פאַראָרדענונג נומער 8 האָבן אויך געפייערט די פאַרשידענע טרויעריק־באַרימטע ליגעס, באַוועגונגען און פאַרבאַנדן, וואָס זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער עפּאָכע. עס איז אַ געקליבענער ווערטער־אָפּקלויב, מיט וועלכן דער „פאָרשונגס־אינסטיטוט פון יידישע פראַגן", מיט דער אונטערשריפט פון קאַפּיטאַן סעזיל, האָט אויסגעדרוקט דאַנקערן זיינע וואונטשן:

די מיטגלידער־דעלעגאַטן שיקן איבער דעם קאַפּיטאַן דאַנע־
קער, אין נאָמען פון אַלע אָנגעהעריקע, די פאַרזיכערונג אין זייע־
רע איבערגעגעבענע און רעספּעקטפולע געפילן, ווי אויך פאַר דער
אָקופּאַציע־מאַכט, דעם שעף פון דער ס. ס. און דער דייטשער פּאָ־
ליציי אין דער געזעצגעבונג פון מיליטערבעפעלסהאַבער אין פראַנק־
רייך, און בעטן אים צו גלויבן, גלייכמעסיק, אין זייער רעספּעקט־
פולער אָנערקענונג.

די גרופּע פון די אַנטי־יידישע פריינט, איז זיך מתחייב אָפּ־
צוהיטן, אַז די מאָסנאַמען קעגן די יידן זאָלן שטרענג אָנגעווענדעט
ווערן. זי וועט זיך נישט אָפּשטעלן פון דענאָנסירן די פראַנצויזישע
עפנטלעכע מאַכט, וועלכע וועט אַרויסווייזן, לגבי די יידן פריינט־
לעכע באַציאונג, אָדער וועט נישט אָנווענדן די פאַראָרדענונגען.

די פריינט דריקן אויך אויס זייער וואונטש, אַז די דאָזיקע
מאָסנאַמען זאָלן דערגאַנצט ווערן דורך אַ פולשטענדיקע סעפּאַ־
ראַציע אין די שולן און אין די ליצייען, פון די יידישע און נישט־
יידישע קינדער. דער ליציי קאָנדאָרסע, וועלכער איז תמיד געווען
אַ יידישער ליציי און ליציי זשול־פעררי, דאַרפן גענצלעך פאַר־
שלאָסן ווערן פאַר די לעצטע. זיי בעטן אויסער דעם, אַז יידן זאָל
נישט דערלויבט זיין זיך צו באַנוצן מיט וועלאָ־טאַקסים, וועלכע
ווערן געפירט דורך אַרישע קאָנדוקטאָרן. עס איז אומדערלאָזבאַר,
אַז אַ ייד מיט זיין געלע לאַטע, זאָל זיך הייסן פירן דורך אַן אַריער.

דאָס זעלבע אויך בנוגע די פראַנצויזישע באַגאַזש־טרעגער.

לסוף, דאַרף זיין פאַרבאָטן פאַר די יידן, וועלכע טראָגן די
לאַטע, זיך צו באַנוצן מיט פראַנצויזישער אַרבעט און הויפּטזאַכ־
לעך, זיך צו הייסן פוצן זייערע שיך, אין די קיאָסקן, וועלכע זע־
נען אינסטאַלירט ביי די וואָקזאַלן און אין די גאַסן, און וועמענס
באַזיצער זענען אַריער.

די גרופּע פון די אַנטי־יידישע פריינט האָט פאַרענדיקט איר
זיצונג 22 אַ זייגער מיט 30 און האָט אויפסניי אויסגעדריקט איר
אָנערקענונג דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט, פאַר דער רייניקונג
וועלכע זי פירט אַדורך אין פראַנקרייך, באַדויערנדיק, אַז די פראַנ־
צויזישע עפנטלעכע מאַכט, די ווישי־רעגירונג און דער גענעראַל־
קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע פראַגן, ווענדן נישט אָן אָט די מאָסמיט־
לען אין דער נישט־אָקופּירטער זאָנע.

גרינדער־פּרעזידענט
פון דער גרופּע אַנטי־יידישע פריינט
אונטערגעשריבן: סעזיל

די פּאַרטייען און די ליגעס פון פּאַראַט, פּ.פּ.פּ., מ.ס.ר., ר.נ.פּ., האָבן פּרו־בירט אָרגאַניזירן מאַניפעסטאַציעס. אין דער געלער אַקטן־טעקע פון דער ס. ד. געפינען מיר כסדר שפּורן דערפון. מיר האָבן דאָרט טאַקע געפונען אַן אויספיר־לעכן באַריכט, זייער אַדמיניסטראַטיוו־מעסיק — פון דער פּאָליציי־פּרעפעקטור אויפן טאָג פון 7־טן יוני.

מיר ציטירן:

אָנהויבנדיק פון 16 אַ זייגער מיט 20, האָבן צוועלף פּערזאָן, מיט אָפּצייכנס פון פּערדישע פּאַדקאָוועס, אַרומקרייזנדיק אַ פּאַ־קעלצוג (ר.נ.פּ.), וועלכער האָט צירקולירט בולוואַר דע לאַ מאַדע־לען און רי רואַיאַל אין דער ריכטונג פון פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד — אויסגעלאַכט און אויסגעפּיפן די יידן.

אין אַ קאַפע, בולוואַר דע קאַפּוסין, האָבן זיי אויפגעפּאָדערט דעם קעלנער נישט צו באַדינען די יידישע קליענטן.

בולוואַר דע לאַ מאַדעלען, האָבן די מיטגלידער פון דער גרו־פּע געפּאַטשט אַ ייד, אַ לאַטע־טרעגער, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער טעראַסע פון ביר־שענק וועבער; זיי האָבן אָנגעגריפן דעם מעטר־ד'האָטעל און אַ קעלנער פון דעם בירהויז.

זיי האָבן פאָרגעזעצט זייער מאַרש אין דער ריכטונג צו פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד, בעת עס האָבן זיי נאָכגעפאָלגט צוויי מאָטאָ־ציקליסטן פון דער מוניציפּאַלער פּאָליציי און האָבן פאַראורזאַכט פאַרשידענע אינצידענטן אויף די טעראַסעס פון די קאַפעס אויף אַווענו דע שאַנז־עליזיי...

דער באַריכט רעכנט אויס דריי אָדער פיר ענלעכע אינצידענטן.

עס פאָלגן נאָך עטלעכע „אינדיווידועלע פאַלן":

אַרום 16 אַ זייגער מיט 35, ביי דער טעראַסע פון קאַפע „לע מאַדריגאַל", איז דער אַזוי־גערופענער קאָקיע ראָבער־פּאָל, געבוירן דעם 10־טן יאַנואַר 1916 אין ליל, מעכאַניקער, וואוינט 27, רי דעז אָרטאָ, אַרעסטירט געוואָרן דורך דער מוניציפּאַלער פּאָליציי און אָפּגעפירט געוואָרן אין קאָמיסאַריאַט, 1 רי דע ליזבאָן. קאָקיע האָט אַרויסגערופן מאַניפעסטאַציעס קעגן די יידן, וועלכע האָבן געטרונקען אויף דער טעראַסע.

לאָמיר פאַרבייגיין... מיר וועלן נאָך, פונדעסטוועגן, אַרויסנעמען, נאָך אַלץ אַדורכלייענענדיק דעם ראַפּאָרט — דעם דאָזיקן „פּאַרפּאַל" פון אַ ספּעציעל ני־דערטרעכטיקן כאַראַקטער:

ארום 11 אַ זייגער, קעגן דעם נומער 1 פון די סטראַסבורג, האָט ה' שאַפּאַנטיע באַאויפטראַגט אַ פּאָליציאַנט, אַז ער זאָל אַרעסטירן זיין פרוי, פון וועלכער ער איז געשידן און וועלכע פאַר־מאָגט נישט קיין אידענטיטעטס־פּאַפּירן מיטן שטעמפּל „יודין". עס האַנדלט זיך וועגן דער אַזוי־גערופענעד שאַרפּאַנטיע, געבוירן קאָגאַן רעבעקאַ, געבוירן דעם 11־טן יולי 1907 אין באָלגראַד (רו־מעניע), פון יידישער ראַסע, וואוינט 7, רי ליווינגסטאָן (18־טער), וועלכע איז איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון צענטראַל־קאָמי־סאַריאַט פון 10־טן אַראָנדיסמאַן.

## די רעאַקציע פון דער עפנטלעכער מיינונג

אָבער די דאָקומענטן־זאַמלונג „איינפירונג דעם יודענשטערנס", אַנטהאַלט נאָך עפּעס גאַנץ אַנדערש.

די דייטשן, ווי מיר האָבן געזען, זענען געווען זייער אומרואיק בנוגע דער ווירקונג פון די נייע מאָסנאַמען. אַ טאָג פאַר דער רעאַליזירונג, דעם 5־טן יוני 1942, האָט די „פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע" פון מיליטערבעפעלסהאַבער איבערגעגעבן דער ס. ד. אַלאַרמירנדיקע אינפאָרמאַציעס :

אויפן סמך פון די באַריכטן, וולכע קומען צו אונז אָן פון שעה צו שעה, מאַכן די גאָליסטישע און קאָמוניסטישע קרייזן אַ מאַסיווע פּראָפּאַגאַנדע אויף צו פּראָוואָצירן אומרוען, דעם קומענ־דיקן זונטיק. די געגעבענע דירעקטיוון זענען פאָלגנדיקע : אויף די גרויסע בולוואַרן, דאַרפן אַלע יידן, וועלכע טראָגן די געלע לאַטע — באַגריסט ווערן מיט סימפּאַטיע־אויסדרוקן. הערנאָך... איז פּראָ־יעקטירט, אַז די נישט־יידן גאָליסטן און קאָמוניסטן זאָלן צירקו־לירן אין די גאַסן, טראָגנדיק די געלע לאַטע, וועלכע זאָל אַנט־האַלטן, אָנשטאָט דעם אויפשריפט „ייד" — אַ נאָמען פון אַ פראַנ־צויזישער פּראָווינץ. עס שיינט, אַז אין די גאָליסטישע פאַמיליעס, פאַרנעמט מען זיך מיט אויספאַרטיקן אַזעלכע געלע לאַטעס... נע־מענדיק אין אַכט אָט די ראַפּאָרטן, וואָלט געווען צוועקמעסיק, אַז די פּאָליציי זאָל אָננעמען אַלע נויטיקע זיכערקייטס־שריט אויף דעם קומענדיקן זונטיק...

צומאָרגנס, דעם 6־טן יוני, איבערגעגעבן „איילין", דורך אַ שליח — קאָ־מוניקירט די „פּראָפּאַגאַנדע־סעקציע" נייע פּרטים.

די גאָליסטישע און קאָמוניסטישע דעמאָנסטראַציעס וועלן מאַ־

ניפעסטירן דעם קומענדיקן זונטיק זייער אָפּאָזיציע קעגן דער איינ־
פירונג פון דער געלער לאַטע, אויף דעם פאָלגנדיקן אופן:

1) דורך דעם טראָגן פון געלע בלומען;
2) דורך טראָגן אַ געל טאַשן־טיכעלע אין דער מאַרינאַרקע־קעשענע.
3) דורך טראָגן געלע לאַטעס פון פּאַפּיר.

די יידן פאַרשפּרייטן דעם קלאַנג, אַז היינט זענען עס די יידן און אַז מאָרגן וועלן עס זיין די קאַטאָליקן, וועלכע וועלן ווערן געצוואונגען דורך די דייטשן צו טראָגן אַן אָפּצייכן.

ווייטער וועלן מיר זיך באַקענען, אין אַלע פּרטים, מיט די דעמאָנסטראַציעס און רעאַקציעס, פּאַר וועלכע די דייטשן האָבן אַזוי מורא געהאַט, און מיט רעכט. דערווייל, לאָמיר נאָכפאָלגן, מיט דער הילף פון דער געלער אַקטן־טעקע, דעם אופן, ווי אַזוי די פראַנצויזישע עפנטלעכע מיינונג האָט רעאַגירט אין איר אַנסאַמבל.

„אַגענטן" און „פאַרטרויאונגס־מענטשן" פאַרמערן זייערע באַריכטן. אַלע זענען געשריבן אין זעלבן זין. דעם 12־טן יוני, שטעלט צו די סעקציע 6 ג (אויסקונפטן) פון דער ס. ד. — אַן אָפּקלויב פון זיי פאַר דער סעקציע י. 4. אָט זענען עטלעכע אויסצוגן:

דער נומער 7 באַריכטעט:

דאָס אָנווענדן פונם געזעץ בנוגע דער געלער לאַטע האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט...

נומער 8 באַריכטעט:

מען דאַרף זאָגן, אַז אין אַלגעמיין, איז די שטימונג גיכער אַדורכגענומען מיט אַ געוויסן אַלגעמיינעם מיטגעפיל לטובת די יידן... עס קומט נאָך צו דאָס געפיל פון אַ מאָראַלישער העכערקייט איבער די דייטשע באַרבאַרן... מען באַמיט זיך, אין אַלגעמיין, נישט צו קוקן אויף די יידן, הגם די געלע לאַטע איז זייער אָנזעעוודיק. מען זעט זייער זעלטן, אַז פראַנצויזן זאָלן אַרויסברענגען איראָני־שע באַמערקונגען: אין אַזאַ פאַל, האַנדלט זיך עס בלויז וועגן יוגנטלעכע...

דער ראַפּאָרט פון א. ג. 31צ.:

... די געלע לאַטע... ווערט אין אַלגעמיין אָפּגעשטויסן...

דער ראַפּאָרט פון „ל":

די פאַראָרדענונג וועגן דעם טראָגן פון מגן־דוד, איז שלעכט אָנגענומען געוואָרן דורך דער באַפעלקערונג אין אַלגעמיין...

פּ 11 איז באַזונדערס אויפריכטיק:

אַן איינשטימיקע און שטאַרקע אויפטרייסלונג איז פּראָוואָצירט געוואָרן דורך די געלע לאַטעס. אפילו אַנטיסעמיטן פּאַראורטיילן אַט די מאָסנאַמען (1), הויפּטזאַכלעך דערפאַר, וואָס די קינדער מוזן טראָגן די לאַטע.

(דאַנעקערס באַמערקונג אויפן ראַנד פונעם ראַפּאָרט, פּירט אַרויס פון טעות: „אַט זענען שיינע אַנטיסעמיטן").

דער דאָזיקער דאָקומענט איז נאָך מער אויסדרוקספול דערמיט, וואָס די פאַרטרויאונגס־מענטשן און אגענטן האָבן אין דער אמתן נישט באַדאַרפט האָבן קיין שום אינטערעס שוואַרצער צו מאַכן דאָס בילד אין די אויגן פון זייערע דייטשע הערשער. ער וואַרפט אַ ליכט אויף דער רעאַקציע מצד דער פּאַריזער באַפעלקערונג; שפּעטער קומען נאָך צו עטלעכע רעאַקציעס פון דער פּראָווינץ. לאָמיר זוכן ווייטער:

באָרדאָ, דעם 11־טן יוני 1942.

אויפן סמך פון די ראַפּאָרטן פון די אַגענטן ב x 103, 105, 117, 125 און 128, איז די רעאַקציע פון דער באַפעלקערונג אין באָרדאָ, בעת דעם איינפירן די געלע לאַטע, די פאָלגנדיקע:

1) די דאָזיקע מאָסנאַם ווערט אויפגענומען מיט צופרידנ־קייט אין די קרייזן פון די קליינהענדלער און האַנטווערקער. דאָס איז אַ פּועל־יוצא פונעם פאַקט, וואָס זיי זענען דאָס פאַר דער מלחמה געווען די, וועמען עס איז אויסגעקומען צו ליידן פון דער שטייגנ־דיקער השפּעה מצד די יידן אין דער סוחרישער וועלט. (דאָס שאַפן פון די גרויסע מאַגאַזינען א. אַ. וו...)

2) די ברייטע מאַסן, כמעט אַן אַן אויסנאַם, האַלטן מיט די יידן, באַדויערן די „אָרעמע יידן", זענען קעגן די מאָסנאַמען, דערקלערן, אַז די יידן זענען פּונקט אַזעלכע ערלעכע מענטשן, ווי די פּראָטעסטאַנטן, אָדער קאַטאָליקן. די זעלבע שטעלונג געפינט מען אויך ביי די פראַנצויזישע אַרבעטער. דער מיטגעפיל לגבי די יידן גייט אַזוי ווייט, אַז מען מיידט אויס אין דער גאַס, זיי צו פּראָוואָצירן מיטן בליק. אין די אוניווערזיטעטן איז די באַציאונג נישט אין איינקלאַנג מיט די מאָסנאַמען, אָדער גאָר אַ גלייכגילטיקע.

3) לויט ווי מיר האָבן שוין געמאָלדן, איז די אומצופרידנ־קייט אַן אַלגעמיינע דאָ, וואו עס האַנדלט זיך וועגן אָנווענדן די פאַראָרדענונג אין באַצוג צו די קינדער.

4) אויפן סמך פון די ראַפּאָרטן פון דריי אַגענטן, וועלכע

(1) אונטערגעשטראָכן אינעם אָריגינאַל.

# R.F. SS

## Sicherheits-Dienst

Nachrichten-Uebermittlung

| Aufgenommen<br>Tag Monat Jahr Zeit<br>11. Juni 1942<br>von durch | Befördert<br>Tag Monat Jahr Zeit<br>an durch | Raum für Eingangsstempel<br>11. JUN 1942<br>Nr. 4767 |
|---|---|---|
| Nr. | Verzögerungsvermerk | |

Telegramm — Funkspruch — Fernschreiben — Fernspruch

BORDEAUX 1691 11.6.42 1130 = = KA-

= AN DIE DIENSTSTELLE - IV J - PARIS =

= G E H E I M . =

BETR.: AUSWRIKUNG DER EINFUEHRUNG DES JUDENSTERNS UNTER DER BORDELAISER BEVOELKERUNG. =

= VORG.: HIES. FS. NR. 1636 V. 6.6.42 UND FS. V. 10.6.42

NACH HIER VORLIEGENDEN MELDUNGEN DER AG BX 103, 105, 117, 125 UND 128 KANN UEBER DIE AUSWIRKUNG DER EINFUEHRUNG DES JUDENSTERNES ALS KENNTLICHMACHUNG DER IM BESETZTEN GEBIET LEBENDEN JUDEN FOLGENDES BERICHTE T WERDEN:

1.) DIE MASSNAHME WIRD IN KREISEN KLEINER GESCHAEFTSLEUTE U. HANDWERKER BEGRUESST, WAS DARAUF ZURUECKZUFUEHREN IST, DASS SIE VOR DEM KRIEG DURCH DEN IMMER STEIGENDEN EINFLUSS DER JUDEN IM GESCHAEFTSLEBEN (GRUENDUNG VON GROSSKAUFHAEUSERN USW.) AM MEISTEN ZU LEIDEN HATTE.

= 2.) DIE BREITE MASSE DAGEGEN NIMMT FAST DURCHWEG STELLUNG FUER DIE JUDEN, INDEM SIE "DIE ARMEN JUDEN" BEDAUERT U. DIE MASSNAHMEN MIT DER BEGRUENDUNG, SIE SEIEN EBENSO ACHTBARE LEUTE WIE DIE PROTESTANTEN U. KATHOLIKEN, ABLEHNT. DIESE EINSTELLUNG GILT AUCH FUER DIE FRANZ. ARBEITERSCHAFT. = DAS MITLEID MIT JUDEN GEHT SOGAR SOWEIT, DASS MAN AUF DEN STRASSEN VERMEIDET, SIE DURCH

AUFFAELLIGES ANSEHEN ZU PRIVILEGIEREN. IN DEN [illegible]
STEHT MAN DER MASSNAHME ZUM TEIL ABLEHNEND, ZUM TEIL
GLEICHGUELTIG GEGENUEBER. -
- 3.) WIE BEREITS BERICHTET, IST DIE ABLEHNUNG DER
ANWENDUNG DER MASSNAHME AUF JUEDISCHE KINDER ALLGEMEIN.
EINE AUSNAHME BILDEN LEDIGLICH DIE SCHULEN, WO ES BEREITS
ZU ZWISCHENFAELLEN ZWISCHEN FRANZ. UND JUED. SCHUELERN
GEKOMMEN IST. -
- 4.) UEBEREINSTIMMEND BERICHTEN DRAI AG, DASS MAN IN
KREISEN DER GAULLISTEN DIE MASSNAHMEN NICHT NUR ABLEHNT
SONDERN SICH MIT DER ABSICHT TRAEGT, DEREN WIRKUNG DURCH
EINFUEHRUNG AEHNLICHER ABZEICHEN MIT MONOGRAMM HERABZU
MINDERN. -
- 5.) IN KREISEN DER VERSCHIEDENEN POLITISCHEN GRUPPEN,
WIE P.P.F., R.N.P. UND M.S.R. BEGRUESST MAN DIE MASSNAHME,
BEDAUERT ABER, DASS SIE DAS ERGEBNIS EINER DEUTSCHEN U.
NICHT EINER FRANZ. INITIATIVE IST. - ABSCHLIESSEND IST ZU
BEMERKEN, DASS EIN TEIL DER JUDEN DAS ABZEICHEN NICHT TRAEGT

DER KDR. D. SIPO (SD) - KOMMANDO BORDEAUX
- GEZ. L U T H E R - SS.-HSTUF.

R 13/6/42

פאַקסימילע פון ראַפּאָרט פון ס. ד.־קאָמאַנדאַנט פון באָרדאָ פון 11־טן יוני 1942.

זענען איינשטימיק אין דעם פּרט, זענען די גאָליסטן אויף אזוי ווייט קעגן די מאַסנאַמען, אַז מיט דער כונה אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק פון דער לאַטע, האָבן זיי בדעה איינצופירן ענלעכע אָפּ־צייכנס, פאַרזען מיט די אַנטשפּרעכנדיקע מאָנאָגראַמען.

5) אין די קרייזן פון פאַרשידענע פּאָליטישע גרופּירונגען, ווי די: פּ.פּ.פּ., ר.נ.פּ. און מ.ס.ר. — באַגריסט מען די דאָזיקע מאַסנאַם און מען באַדויערט, וואָס זי איז נישט דער רעזולטאַט פון דער פראַנצויזישער איניציאַטיוו נאָר פון דער דייטשער.

לסוף, דאַרף מען פאַרצייכענען, אַז אַ טייל פון די יידן טראָגט נישט די געלע לאַטע.

אונטערגעשריבן : לוטהער
ס. ס.־האַופּטשטורמפירער

---

נאַנסי, דעם 30־טן יוני 1942.

די אומצופרידנקייט מיט די מאַסנאַמען קעגן די יידן (דאָס טראָגן די געלע לאַטע), אויף וועלכער מיר האָבן שוין אויפמערק־זאַם געמאַכט אין אונזער לעצטן ראַפּאָרט, האָט געקענט פעסטגע־שטעלט ווערן כמעט צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אין נאַנסי האָבן מיר נישט געהאַט צו פאַרצייכענען דאָס אומגע־זעצלעכע טראָגן פון דער געלער לאַטע, דאקעגן מעלדעט מען פון וויטעל (וואָזש), דאָס אַרעסטירן מצד דער פראַנצויזישער פּאָליציי פון 4 יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געטראָגן געלע לאַטעס געמאַכט פון פּאַפּיר.

אונטערשריפט אומלעזבאַר

---

עס איז אונז, הייסט עס, קלאָר — אַ דאַנק אַ זיכערער קוועלע, אַז די פאַר־אָרדענונג נומער 8 האָט אומעטום אַרויסגערופן אַן אַלגעמיינע אויפרעגונג. „אפילו ביי די אַנטיסעמיטן״. און איצטער, לאָמיר זיך אויספירלעך באַקענען מיט די פּרטים, ווי אַזוי דער דאָזיקער פּראָטעסט האָט זיך מאַניפעסטירט.

פרייוויליקע אינפאָרמאַטאָרן, סאָלדאַטן, אָפיצירן אָדער ציווילע דייטשע אָנ־געשטעלטע, האָבן צוגעשטעלט צו דער ס. ד. אַ געוויסע צאָל באַריכטן, וועלכע דינען אונז ווי אַ ווערטפולע אויסקינפטן־קוועלע. אָט זענען עטלעכע פון זיי :

פּאַריז, דעם 6־טן יוני 1942.

דער קאָנדוקטאָר טהעאָ פּ. טשערניטשאַ, וועלכער איז געווען באַשעפטיקט אין דער סעקציע א. 4 , האָט דעם 4־טן יוני 1942, געמאַכט דעם פאָלגנדיקן ראַפּאָרט :

זיין פרוי, וואָס איז געגאַנגען דעם זעלבן נאָכמיטאָג איינ־קויפן — האָט געמוזט זיך שטעלן אין דער ריי, פאַר אַ שפּייז־קראָם. במשך פון אָט דער צייט, אומגעפער צוויי שעה, זענען מע־רערע יידן — טרעגער פון דער געלער לאַטע, אין הסכם מיט דער באַקאַנטער פאַראָרדענונג — געקומען זיך שטעלן אין דער ריי. אָבער דאָס וואָס איז געווען איבעראַשנדיק, איז דער פאַקט, וואָס די יידן, אַלע יום־טובדיק אָנגעטאָן, האָבן מיט אַ ציניזם און חוצ־פּהדיקע באַוועגונגען, באַוויזן אַרום און אַרום צו אַלע אָנוועזנדיקע פּערזאָנען, די לאַטע, וועלכע זיי האָבן געטראָגן. אַ טייל פראַנצויזן פון דער ריי, ווי אויך אַנדערע מענטשן, וועלכע זענען צופעליק פאַרבייגעגאַנגען — האָבן זיי פאַרזיכערט אין זייער סימפּאַטיע און האָבן זיי געדרוקט די האַנט, כדי זיי אַרויסצווייזן זייער באַדויער. מען האָט געזאָגט צו די יידן:

„וואַרט נאָך אַ ביסל: היינט צווינגט מען אייך צו טראָגן די לאַטע, אָבער דאָס וועט נישט לאַנג דויערן און די פאַר דייטשן, וועלכע וועלן לעבן בלייבן, וועלן זיין געצוואונגען צו טראָגן איי־ביק דעם האַקנקרייץ".

די דאָזיקע סימפּאַטיע־מאַניפעסטאַציעס האָבן גענוג לאַנג גע־דויערט; צוליב דעם גרויסן דערפאָלג זענען די יידן געווען צו־פרידן און שטאָלץ.

אונטערגעשריבן: **בעקע**
ס. ס.־שטורמשאַרפירער

---

פּאַריז, דעם 17־טן יוני 1942.

**צענטראַל־אָפּטיילונג פון קעגן־שפּיאָנאַזש**
**פאַר פראַנקרייך**
**צום קאָמענדאַנט פון דער סיפּאָ און ס. ד. אין פראַנקרייך**
**פּ אַ ר י ז**

דער אינספּעקטאָר־איינקאַסירער פון די אַרבעטן לטובת דער אַרמיי אין פראַנקרייך, אינפאָרמירט אונז אין אַ בריוו פון 10־טן יוני 1942, צו האָבן באַגעגנט אין דער אויטאָמאָבילן־געזעלשאַפט, פּאַריז 13־טער, 10, רו די באַנקיע, דעם 9־טן יוני 1942, דריי אָדער פיר אַרבעטער, וועלכע האָבן געטראָגן געלע לאַטעס, נאָכגע־מאַכטע אין דער פאָרעם פון שטערנס מיט זעקס שפּיצן, מיטן ציל צו מאַניפעסטירן זייער סימפּאַטיע לטובת די יידן.

---

פאַריז, דעם 5־טן יוני 1942.

נאָטע

ענין : דאָס איינפירן די געלע לאַטע.

אויפן סמך פון א באריכט מצד אַן אָנווייזער, האָבן די לע־רער פון דער קאָמונאַל־שול אין 18־טן אַראָנדיסמאַן, איינגעלאַדן זייערע שילער צו קומען דעם קומענדיקן מאָנטיק, דעם 8־טן יוני 1942, באַצירט מיט אַלערליי אָפּצייכנס.

מען רעכנט, אַז די דאָזיקע אַקציע איז אין שייכות מיט דער איינפירונג פון דער געלער לאַטע פאַר די יידן, און אַז זי איז אַ מאַניפעסטאַציע פון סימפּאַטיע־אויסדרוקן לטובת די יידן.

אונטערשריפט אומלעזבאַר
אָבערשטורמפירער

---

אָ. או., דעם 5־טן יוני 1942.

באַריכט

ענין : יידישער אָפּצייכן.

היינט, אַרום 7 אַ זייגער מיט 30, האָט דער אונטערגעשריבע־נער אויסגעהערט אַ געשפּרעך צווישן צוויי פראַנצויזישע יונגעלייט (סטודענטן) אין מעטראָ. זיי האָבן גערעדט וועגן דער געלער לאַ־טע. איינער פון זיי האָט געמאַכט די פאָלגנדיקע באַמערקונג : „דעם קומענדיקן זונטיק וועט מען זיך גוט אַמוזירן ; אפילו די נישט־יידן פון צווישן אונז, וועלן טראָגן די לאַטע".

אונטערשריפט אומלעזבאַר
קריגס־דאָלמעטשער

---

דאָ אַנטפּלעקט זיך דער אומיטלבאַרער ספּאָנטאַנישער אַספּעקט פון דער רעאַקציע. אין אַ שול פון 18־טן אַראָנדיסמאַן, אין אַן אַטעליע פון 13־טן, אין די גאַסן, אין מעטראָ, פּילט זיך אַרויס איינע און די זעלבע אידיי : מען וועט אַרויסווייזן די סימפּאַטיע לטובת די יידן, מען וועט אויסחוזקן די דייטשן, אָנ־טוענדיק אַ „פאַלשע" לאַטע.

די יורידישע וועלט, פון איר זייט, ווערט אויפגערודערט און צייטשעל נאָ־טירט אין זיין מעמואַר־ביכל, ערב אַ קאָנפערענץ מיט דאַנעקערן (דער דאָקו־מענט, וועלכער טראָגט נישט קיין דאַטע, דאַרף וואַרשיינלעך זיין פון 5־טן יוני 1942) :

... דער רעגירונגס־סעקרעטאַר, גראַף דע ברינאָן, איז געוואויער געוואָרן, אַז די פראַנצויזישע אַדוואָקאַטן און נאָטאַרן פּראָיעקטירן אַ מאַניפעסט און זאַמלען אונטערשריפטן, מיטן ציל צו מאַכן באַפרייען די יידישע אַדוואָקאַטן פון טראָגן די געלע לאַטע. דאַרקיע דע פעלפּואַ האָט בדעה צו אַרעסטירן אַלע אַדוואָקאַטן, וועלכע וועלן זיך באַטייליקן אין דער דאָזיקער אַקציע. די אַמבאַסאַדע האָט גאָרנישט דאַקעגן. די ס. ד. ווערט געבעטן אונטערצושטיצן אָט די ענערגישע מאָסנאַם לטובת די דייטשע פאַראָרדענונגען.

(באַמערקונג צוגעשריבן אויפן ראַנד, מיט דאַנעקערס האַנט: „קיין דראַנסי”!).

***

דאַנעקער זעט גלייך פאַר קעגן־מאָסנאַמען. „קיין דראַנסי”... אָט איז זיין באַריכט פון 5־טן יוני 1942:

דעם 5־טן יוני 1942, קאָמוניקירט אונז דער מאַיאָר וועיגערט, אָפיציר פון גענעראַל־שטאַב פון דער פעלד־זשאַנדאַרמעריע פון גרויס־פּאַריז, אַז צען יונגטלעכע פון אַן אויסגעשפּראָכענעם נישט־יידישן אויסזען, האָבן געטראָגן — אויף בולוואַר דעז איטאַליען — אַן אימיטאַציע פון דער געלער לאַטע.

מיטן ציל אויסצומיידן ענלעכע פאַלן, האָב איך אָפּגעמאַכט מיטן מאַיאָר וועיגערט דאָס פאָלגנדיקע:

א) די פעלד־זשאַנדאַרמעריע־וואַך פון גרויס־פּאַריז וועט באַקומען אינסטרוקציעס, וואָס גייען תיכּף אַריין אין קראַפט — אויפצופּאַסן אויף די עווענטועלע סימפּאַטיע־מאַניפעסטאַציעס לטובת די יידן און צו אַרעסטירן די מיטבאַטייליקטע, גלייך אויפן אָרט.

ב) אָנהויבנדיק פון 7־טן יוני 1942, וועט די פעלד־זשאַנדאַרמעריע אָרגאַניזירן אָבלאַוועס אויפן ברייטן מאָסשטאַב... איך האָב בדעה צו לענקען די יידן־פריינט צום דראַנסי־לאַגער, ביז אַ נייער פאַראָרדענונג, און צו אַנאָנסירן וועגן זייערע אַרעסטן דורך דער פּרעסע און ראַדיאָ.

מיט איבער צוויי חדשים שפּעטער, האָבן זיך נאָך אַלץ געפונען אינטערנירט 20 פּערזאָן, אין רעזולטאַט פון דאַנעקערס באַפעל. אָט איז די ליסטע פון זיי (געפונען אין די אַרכיוון פון גענעראַל־קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע פראַגן):

**ציוויל־שטאַנד פון די נישט־יידן, וועלכע זענען אינטערנירט אין דראַנסי, לויטן באַפעל פון דער אָקופּאַציע־מאַכט, פאַר טראָגן אַ צוגעטראַכטן אָפּצייכן, אַלס פּאַראָדיע פון דער יידישער לאַטע:**

באַריוואַן ראָלאַן, געב. דעם 7. 2. 1922, בעקער, פראַנצויז; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַ יידישן אָפּצייכן.

מוראַטע האַנרי, געב. דעם 24. 10. 1903, אַרכיטעקט, פראַנ־צויז; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַן אָפּצייכן אין דער פאָרם פון אַ שטערן, מיט דער אויפשריפט „אָוווערניאַ".

פלאַר האַנרי, געב. דעם 16. 8. 1910 אין דיזשאָן, שילער פון ע. נ. ס., פראַנצויז; געטראָגן אין דער אויבערשטער טאַש פון זיין ראָק אַן אויסשניט פון געלן פּאַפּיר אָן אַן אויפשריפט, און וועמענס אויבערשטער טייל איז געווען אויסגעשניטן אין דער פאָרם פון אַ שטערן.

סימאָנע זשאַן־פּיער, געב. דעם 13. 8. 1910, פון וואַלענס, עלעקטראָטעכניקער; דעם 9. 6. 1942, געטראָגן אַ יידישן אָפּצייכן.

רעבאָרא ניקאָלאַ, געב. דעם 7. 3. 1923 אין פּאַריז, טאָקער, פראַנצויז; דעם 10. 6. 1942, געטראָגן אַ יידישן אָפּצייכן.

ווילנעוו לאַזאַר, אַרבעטער, פראַנצויז; דעם 10. 6. 1942, געטראָגן אַ יידישן אָפּצייכן.

רעיסאַ מישעל, סטודענט, פראַנצויז; דעם 11. 6. 1942, געטראָגן אַן אָפּצייכן מיט דער אויפשריפט „סווינג".

אָזשיע עמיל, אָנגעשטעלטער אין פינאַנץ־מיניסטעריום, פראַנצויז; דעם 11. 6. 1942, געטראָגן אַן ענלעכן אָפּצייכן צו דער יידישער לאַטע, מיט דער אויפשריפט „סווינג".

ראַווע מישעל, געב. דעם 19. 10. 1921, האַנדלס־אָנגעשטעלטער, פראַנצויז; דעם 10. 6. 1942, געטראָגן אַ פאַלשן אָפּצייכן, מיט דער אויפשריפט „גוי".

קאַרדען זשאָזעף, געב. דעם 10. 5. 1923, אין לאַ פלען האָט (קאָט די נאָר), סטודענטין, פראַנצויזין; דעם 9. 6. 1942, געטראָגן אַ יידישן אָפּצייכן און ביים פּאַסעק 8 שטערנס: אויף יעדער פון זיי האָט פיגורירט אַ בוכשטאַב פונם וואָרט „וויקטואַר" (זיג).

קורובל אַליס, מאַרט, געב. דעם 1. 4. 1913 אין ניאָם (דראָם), דאַקטילאָ, פראַנצויזין; דעם 10. 6. 1942, געטראָגן דעם יידישן אָפּצייכן.

דעציז סימאָן, געב. דעם 6. 4. 1919, פּאַפּיר־אַרבעטערין, פראַנצויזין; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַ געלן אָפּצייכן אין דער פאָרם פון אַ רויז.

לאַנג מאַרי, געב. דעם 4. 11. 1914 אין פּאַריז, צייטונגס־פאַרקויפערין, פראַנצויזין; דעם 8. 6. 1942, געהאַט אָנגעבונדן אַ יידישן אָפּצייכן צום האַלז פון איר הונט.

לעמעוניע, געבוירן באָרדאַ, מאַרי, דעם 27. 5. 1884, פון פּאָן

סאן וואנסען (מ. + מ.), אַן אַ באַשעפטיקונג, פראַנצויזין; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַ געלן אָפּצייכן אין דער פאָרם פון אַ שטערן, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעהאַפטן אַ קרייץ.

לע פענעק זשאַן, געב. דעם 13. 6. 1910 אין פאַריז, הויז־ווירטשאַפטלערין; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַן אויסגעטראַכטן יידישן אָפּצייכן, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעהאַפטן „ס. פ.".
פעקואַל פּאָלעט, געב. דעם 18. 11. 1920 אין פאַריז, אָנגעשטעלטע אין פּ. ט. ט., פראַנצויזין; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַ יידישן אָפּצייכן.

רעקיוורא דעניז, געב. דעם 23. 2. 1921, דאַקטילאָ, פראַנ־צויזין; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַ ווייסן אָפּצייכן אין דער פאָרם פון אַ שטערן, אויף וועלכן עס איז געווען אויסגעהאַפטן „דאַנני".

זיעפרידט פראַנסואַז, געב. דעם 20. 10. 1922 אין האַוור, סטודענטין, פראַנצויזין; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַן אָפּצייכן אין דער פאָרם פון אַ שטערן, מיט דער אויפשריפט „פּאַפּו".

וואַזען פּאָלעט, געב. דעם 6. 9. 1923, סטודענטין, פראַנ־צויזין; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַן אויסגעטראַכטן אָפּצייכן אין דער פאָרם פון אַ שטערן, מיט „130" אין דער מיטן.

וויאָן, געבוירן דהיעללי, זשעני, דעם 29. 4. 1921 אין סע־רילפאָנטען, דאַקטילאָ, פראַנצויזין; דעם 8. 6. 1942, געטראָגן אַ ווייסן אָפּצייכן אין דער פאָרם פון אַ שטערן, מיט דער אויפשריפט „זשעני".

איינע פון די העלדינס פון אָט דער שיינער רומפולער רשימה, פרל. אַליס קורובל, האָט פאַרעפנטלעכט אירע „דערינערונגען פון געפאַנגנשאַפט", אין אַ זייער רירנדיקן אָנדענק־טאָוול, וואָס טראָגט דעם טיטל „פריינטין פון די יידן" (1) יעדן טאָג גיט זי אָן די פרטים פון די פאַרשידענע ליידן, וואָס עס האָבן אדורכ־געמאַכט די מוטיקע ווידערשטענדלער; זי דערמאָנט אויך — און דאָס רירט אונז גאָר באַזונדער — די איבערגעגעבנקייט, מיט וועלכער די יידישע מיטגע־פאַנגענע האָבן זי אַרומגערינגלט (ז. 86).

איך בין תמיד גערירט צוליב דער אנערקענונג, וועלכע עס ווייזן אונז אַרויס די יידן. איך האָב עס שוין געזאָגט, עס זענען פאַראַן ביי זיי זאַכן, וועלכע שאָקירן מיך און וועלכע פאַרלעצן מיך אפילו זייער טיף. אָבער דאָך, די דאָזיקע פרעמד־אָפּשטאַמיקע יידן, וועלכע ווערן געטויט אין די פראַנצויזישע אוניפאָרמען, די יידן פון די סטאַלאַגס, פון די „מאַקים", זענען דאָך נישט אַלע מאָל

(1) פאַרלאַג בלוד און גע', פאַריז.

געוועזן געצוואונגען זיך צוצושטעלן; אַ סך וואָלטן זיך געקענט פֿאַרשטעקן ערגעץ אין אַ ווינקל און לעבן, נישט זייענדיק אין סכנה.

ווער טראַכט בלויז, אַז אַנערקענונג איז נישט עפּעס וואָס קומט פֿון זיך אַליין, וואָס איז אַ נאַטירלעכע זאַך?

די דאָזיקע צוואַנציק פֿערזאָן זענען סוף־כּל־סוף באַפֿרייט געוואָרן דעם 1־טן סעפּטעמבער 1942. עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז די דאָזיקע רשימה איז לגמרי נישט קיין פֿולשטענדיקע. עס איז אונז אומעגלעך פֿעסטצושטעלן, אפֿילו אומגעפֿער, די טאָטאַלע צאָל פֿון אָט די ספּאָנטאַנישע מאַניפֿעסטאַנטן. מען דאַרף אויך זאָגן, אַז צום גליק, איז די גרעסטע טייל פֿון צווישן זיי קיינמאָל נישט אַרעסטירט געוואָרן. אָבער אָט זענען עטלעכע פֿאַלן, וועלכע פֿיגורירן נישט אין דער רשימה פֿון 20־טן אויגוסט: מיר רעפּראָדוצירן געטריי די טעלעטיפּן, וועלכע זענען אָנגעקומען אין דער פּאָליציי־פּרעפֿעקטור און איבערגעשיקט דורך איר צו דער דייטשער ס. ד.:

17 אַ זייגער מיט 30.

## קאָמיסאַר פֿון 6־טן אַראָנדיסמאַן צו דער יורידישער פּאָליציי

16 אַ זייגער מיט 30, אויף בולוואַר סאַן־זשערמען, ראָג בולוואַר סאַן־מישעל, איז אַרעסטירט געוואָרן מאַד. באָנער, געבוירן אוערבאַך, מאַדלען, עוזשעני, דעם 26־טן אויגוסט 1919 אין פּאַריז, 17־טער, אַרטיסטן־מאָלערין, וואוינט 23 רי סערפּאַנט, אין פּאַריז, 6־טער, פֿון פֿראַנצויזישער בירגערשאַפֿט, פֿאַר טראָגן אומגעזעצלעך אונטער איר מאַנטל אַ יידישן אָפּצייכן. זי איז איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פֿון פּאָליציי־קאָמיסאַר פֿון סאַן־זשערמען־דעפּרע. אויפֿן וועג צו קאַרעפֿור אָדעאָן, האָט זיך מאַד. באָנער אַ וואָרף געטאָן צו אַ גרופּע פֿון אַ צענדליק דייטשע סאָלדאַטן, ווייזנדיק זיי אַ פֿייג ביי דער נאָז; דער אָנוועזנדיקער דייטשער אָפֿיציר האָט געמאַכט אַ צייכן צום פּאָליציי־אַגענט, וועלכער האָט זי געפֿירט, אַז ער זאָל ווי צום שנעלסטן אַוועקפֿירן די פֿרוי. דער שטערן איז קאָנפֿיסקירט געוואָרן. זי איז געוועזן אין דער באַגלייטונג פֿון אַ געוויסן סימאָן נאַזער, געבוירן דעם 31. 12. 1922 אין מאַיאַנאַ, מיטל־קאָנגאָ, שוואַרץ־אַרבעטער, וואוינט 28 רי די דראַגאָן, אויך איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פֿון פּאָליציי־קאָמיסאַר.

---

בורד, 17 א זייגער 35.

10. 6. 1942

**קאָמיסאַר בולאָן,**

15 א זייגער מיט 30.

אויפֿן סמך פֿון א טעלעגראַמע פֿון 9־טן ה.ח., אין שייכות מיטן יונגנטלעכן גידער, וועלכער האָט געטראָגן א לאַטע מיטן „סווינג", בין איך מודיע, אַז עס איז אַדורכגעפירט געוואָרן דער אַרעסט פֿון יונגנטלעכן דעוואָס זשאַק, האַנרי, זשאַן, פֿערדינאַנד, געב. דעם 26. 1. 26 אין 15־טן, פֿון פֿערנאַנד און זשאַן גריזאַן, סטודענט, וואוינט ביי זיינע עלטערן, 102, רי דע בעלווי אין בור־לאַן, וועלכער האָט פֿאַבריצירט א לאַטע אין דער געזעלשאַפֿט פֿון אויבנדערמאָנטן; ביידע זענען פֿאַרהאַלטן געוואָרן און איבערגעגעבן אין רשות פֿון דער דייטשער מאַכט, לויט די באַקומענע אינסטרוקציעס.

טהענעווען, 10 א זייגער מיט 30.

---

10. 6. 1942

**קאָמיסאַר ווילעט**

15 א זייגער מיט 30.

אין רעזולטאַט פֿון דער היינטיקער טעלעגראַמע, וואָס איז נוגע ראָבער ריימאָנד, וועלכער איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן פֿאַר טראָגן דעם אָפּצייכן פֿון דער געלער לאַטע אין טאָוול מיט 5 שפּיצן מיט דער אויפֿשריפֿט „סווינג" אינמיטן, זענען מיר מודיע, אַז די מוטער פֿון דעם אויבנדערמאָנטן, וועלכע איז פֿאַרהאַלטן געוואָרן, האָט דערקלערט, אַז זי האָט געהאַט פֿאַרבאָטן איר זון צו טראָגן דעם דאָזיקן אָפּצייכן. די אלמנה ראָבער איז אין אַרעסט ביז א וויטערדיקן באַשלוס.

סאָראַט

---

10. 6. 1942

**פּאָליציי־קאָמיסאַר פּאָב. מאָנמאַרטר**

16 א זייגער מיט 55.

דער אַזוי־גערופֿענער באַסע טאָני, געבוירן דעם 19. 2. 1926 אין דמשק, סיריע — פֿון אַנדרעי און טערעזע זשיליען, א שילער,

אריער, וואוינט 18 רי גראנזש־באטעליער, איז ארעסטירט געוואָרן היינט 16 מיט 45, אויף די שאטאָדאָן, בעת ער האָט אנזיכטבאר געטראָגן א געעל לאטע פון טאָוול, לויטן מאָדעל פון א מגן־דוד, מיט דער אויפשריפט „זולו". דער אויבנדערמאָנטער איז ארעס־טירט, ביז א ווייטערדיקן באשלוס.

דיבעלוא, 18 ז. מיט 30.

---

10. 6. 1942

18 א ז. מיט 10.

**קאָמיסאַר פון נאָטר־דאַם־דע־שאַן צו דיאָן פ. י. קאַבינעט**

פרל. ליפקאָווסקי, סאָלאַנזש האנריעט, דאָריא, געב. דעם 20־טן סעפּטעמבער 1924 אין פּאריז, 15־טער, שילערין פון דער עלזאַסער שול, וואוינט 191, בולוו. סאָן־זשערמען, איז ארעסטירט געוואָרן אויף דער גאַס, בעת זי האָט געטראָגן צוויי אָפּצייכנס פון טאָוול, פון וועלכע יעדער האָט געטראָגן די נעמען: בודיסט און בודים. איך דערוואַרט אינסטרוקציעס.

בוטשיני, 18 א ז.

אָט איז דער סערטיפיקאַט פון ארעסט פון די „באשולדיקטע מיניאָ און גאַליאָ:

8. Juni 1942

983

Mignot und Galliot

Mignot, 19.5.20 ... Paris
Galliot 8.5.18 Toulouse

8. Juni 42 ... 16

צו דער דאָזיקער באַשײניקונג איז געװען בײגעלײגט אַ קורצער אױספֿאָר־שונגס־אַקט. דער יונגער רענע מיניאַ, בלױז 17 יאָר אַלט, האָט געענטפֿערט: „איך האָב פֿאַבריצירט דעם מגן־דוד אין שול בעת אַ לעקציע פֿון צײכענען. איך האָב אים צוגעשפּילעט צו מײן בלוזע אױף אַ שפּאַס. איך האָב נישט גע־װאוסט ,װאָס איך טו". װאָס שײך זײן פֿרײנדין, פֿרל. קאַמיל גאַליאַ, האָט זי דרײסט געענטפֿערט: „איך האָב מיר אױסגעפּאַרטיקט אַ מגן־דוד און האָב אים צוגעשפּילעט צו מײן בלוזע אַלס פּראָטעסט־אַקט קעגן די דײטשע מאַסנאַמען".

עס איז װיכטיק נישט צו לאָזן פֿאַלן אין פֿאַרגעסנקײט די נעמען פֿון אָט די אַרבעטער, פֿון אָט די אָנגעשטעלטע און סטודענטן. לאָמיר דערמאָנען, אַז דעם 4־טן דעצעמבער 1946, איז אָרגאַניזירט געװאָרן לכבוד זײ, אַ פֿאַרזאַמ־לונג, מצד דער אַלגעמײנער פֿעדעראַציע פֿון די אינטערנירטע, קריגס־געפֿאַנגענע און דעפּאָרטירטע, צוזאַמען מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן פֿאַרבאַנד קעגן ראַסיזם, בעת װעלכער די ה"ה זשוסטען גאָדאַר, עדואַר העריאָ, פּאָל ריװע, מאָריס שומאַן און אַנדערע אָראַטאָרן, האָבן גלאָריפֿיצירט די מוטיקע האַלטונג פֿון די פּאַריזער סטודענטן במשך פֿון די דאָזיקע יוני־טעג, 1942. ה' טרוװאַט, פּרעזידענט פֿון נאַציאָנאַלן פֿאַרבאַנד פֿון די פֿראַנצױזישע סטודענטן, האָט מיט באַשײדנקײט קאָמענטירט דעם זשעסט, װעלכן ער אַלײן און זײנע קאַמעראַדן האָבן אַרױסגע־װיזן. „מיר װעלן זיך נישט אָפּװענדן פֿונם װעג, װעלכער איז אונדז אָנגעצײכנט געװאָרן מצד אונדזערע עלטערע פֿאָרגײער, אין אונדזערע קאַמפֿן אױף צו באַ־פֿרײען דעם גײסט קעגן יעדן מין ראַסיסטישע פֿאָראורטײלן און קעגן יעדער מין טיראַניע" — האָט ער פֿאַרענדיקט זײן רעדע.

***

אין אָנהײב פֿון 1943, האָט דער גענעראַל־קאָמיסאַריאַט פֿאַר ײדישע פֿראַגן — װעלנדיק, װי ס'װײזט אױס, באַװײזן, אַז ער איז אַדורכגעדרונגען מיט מאָ־דערניזם — אַדורכגעפֿירט, אינם בעסטן גאַלופּ־סטיל, אַן „אַנקעטע פֿון דער עפֿנטלעכער מײנונג", װאָס איז באַשטאַנען פֿון 6 פֿראַגן, פֿון װעלכע די ער־שטע איז געװען, פּראָסט־פּשוט, די פֿאָלגנדיקע: „צי האָט איר ליב די ײדן?" דערױף — אורטײלנדיק פֿון דעם דיקן ראַפּאָרט, װעלכער האָט געקרוינט די אַנקעטע — זאָלן האָבן געװען 55.44 % „אַנטיסעמיטישע" ענטפֿערן, 12.05 % „פֿילאָסעמיטישע" און 35.51 % „גלײכגילטיקע" ענטפֿערן.

מיר האָבן נישט קײן שום סיבה צו גלױבן, אַז דער גענעראַל־קאָמיסאַריאַט פֿאַר ײדישע פֿראַגן זאָל האָבן אַדורכגעפֿירט די דאָזיקע אַנקעטע מיט דער אַנט־שפּרעכנדיקער ערנסטקײט און... אָביעקטיװקײט, װאָס פֿאָדערן זיך בײ אַזאַ מין פּראָצעדור. (די מחברים פֿונם ראַפּאָרט האָבן, אַגב, מיטן פֿערזענלעכן פּאָרמו־לירן פֿון זײערע מײנונגען — אונדז אַרױסגעפֿירט פֿון דער אילוזיע). דעריבער שטעלט מיט זיך אָט דער טשעקאַװער דאָקומענט פֿאַר בלױז אַן אינטערעס פֿון אַן אַנעקדאָטישן כאַראַקטער. די אמתדיקע אַנקעטע, דער ריכטיקער „גאַלופּ־סאָנ־

דאַזש״ וועגן דער רעאַקציע מצד דעם פראַנצויזישן פאָלק לגבי די רדיפות אין באַצוג צו די יידן, אָט האָבן מיר זי פאַר אונזערע אויגן, צוגעגרייט אומווילקיר־לעך, דורך דעם פאַרפאָלגער גופא. דער אויספיר דרינגט אַליין אַרויס פון זיך גראָד אַן אויספיר, וועלכער איז זייער דערמוטיקנדיק. און דווקא דערפאַר ווייל עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ שריט, וואָס האָט די ווערט פון אַ סימבאָל — איז עס פאַר אונז גענוג באַלערנדיק. קיין שום אומדערמידלעכע טייוולאָנישע, פראָ־פּאַגאַנדע, קיין שום מחבלישע אויסרעכענונגען מצד דעם דר. קנאָכען (1), זע־נען נישט אימשטאַנד געווען במשך פון די פיר יאָר — נישט אָפּצולענקען דעם געזונטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד אויף אַ פאַלשן וועג, נישט איינצוברעכן דעם טיפן הומאַניטאַרן געפיל ביי דער גרעסטער מערהייט פון פראַנצויזישן פאָלק.

---

(1) — דער שעף פון דער ס. ד. האָט פאַרצייכנט אין אַ ראַפּאָרט, וואָס איז דאַטירט פון 28־טן יאַנואַר 1941 :

...איצט איז דער פאַסיקער מאָמענט אויף צו שאַפן קאָנצענטראַציע־לאַגערן פאַר די יידן. צוויי טעמים דאַרפן דאָ ספּעציעל גענומען ווערן אין אַכט :

א) די הויפּט־אונטערשטיצונג פון דער פראָ־ענגלישער און פראָ־גאָליסטישער פּראָפּאַגאַנדע קומט, וואַרשיינלעך, מצד די אויסלענדישע יידן.

ב) עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז כמעט אוממעגלעך צו קולטיווירן ביי די פראַנ־צויזן דאָס געפיל פון אַנטיסעמיטיזם, וואָס זאָל זיך באַזירן אויף אידעאָלאָגישע יסודות, אינ־דערצייט וואָס דער פאָרשלאַג פון אַן עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג וואָלט לייכטער אויפגעוועקט די סימפּאַטיעס לטובת דעם אַנטיסעמיטישן קאַמף (דאָס אינטערנירן קרוב 100.000 אויסלענדי־שע יידן, וועלכע וואוינען אין פּאַריז, וואָלט געגעבן די געלעגנהייט פאַר צאָלרייכע פראַנצויזן, זיך אַרויסצוהויבן פון די נידעריקע שיכטן, ביז צו דעם מיטל־שטאַנד).

# אינהאַלט־פאַרצייכעניש:

זייט

אריינפיר־וואָרט פון יצחק שניאורסאָן — — — — — — — — 5

פאָרוואָרט פון זשוסטען גאַדאר — — — — — — — — 9

די געלע לאַטע אין דער געשיכטע — — — — — — — — 13

אין מיטלאַלטער: דער עיגול.

1939: די געלע לאַטע אין פוילן.

דאָס איינפירן די געלע לאַטע אין פראַנקרייך — — — — — — — 21

פּאָליטישע אויסרעכענונגען און דיפּלאָמאַטישע שוועבונגען.

פאַבריקאַציע און פאַרטיילונג פון די געלע לאַטעס.

די געלע לאַטע און די יידן — — — — — — — — — 43

דער ערשטער קלאַפּ.

אויסבעסערונג.

קאָנסעקווענצן.

אָפּווייכונגען פון טראָגן די לאַטע.

די געלע לאַטע און די נישט־יידן — — — — — — — — 69

פּסיכאָלאָגישע פאַרבאַרייטונג. די דייטשע אומרואיקייט.

אָרקעסטרירונג און ארויסטריט.

די רעאַקציע פון דער עפנטלעכער מיינונג.

# אויסבעסערונג פון די דרוק־פעלערן

| זייט | שורה | אַנשטאָט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 10 | לעצטע שורה | 61 | 62 |
| 16 | 35 און 36 | שלעפערם | שלעפּערס |
| 17 | 28 | מענטשלעכ | מענטשלעכע |
| 18 | 30 | אונטערנעמונעגן | אונטערנעמונגען |
| 19 | לעצטע שורה | מאַלקא | מולכו |
| 23 | 20 | געעפרלעכסטער | געפערלעכסטער |
| 49 | 21 | איבערגעעגבן | איבערגעגעבן |
| 54 | 10 | באַדינגונעגן | באַדינגונגען |
| 56 | 11 | ג. ט. ט. | פּ. ט. ט. |
| 56 | 30 | סעקרעטאַר | סעקרעטאַריאַט |
| 57 | 29 | קאָמיסאַריאַט | קאָמיסאַר |
| 59 | 25 | 17 | VII 1 |
| 60 | 17 | פארשטלען | פארשטעלן |
| 61 | 24 | פּיינלעעכר | פּיינלעכער |
| 62 | 27 | הערבט | הערבסט |
| 66 | 21 | 6 | IV |
| 74 | 15 | פּאַריז־מידי | פּאַרי־מידי |
| 76 | 21 | אָריער | אַריער |
| 77 | 1 | פּאַראַט | פאַרראַט |
| 78 | 2 | שאַפּאַנטיע | שאַרפּאַנטיע |
| 90 | 4 | 15 | 10 |
| 91 | 3 | געעל | געלע |

אויף זייט 5, נאָך דער שורה 17, איז על־פּי־טעות אַריינגעפאַלן אַן איבעריקע שורה מיט אַ שטערנדל:

*) טערקיש.

אויף זייט 61, פעלט די 20־טע שורה מיטן וואָרט:

ברינאָן.

אויף זייט 62, פעלט די שורה:

צו אינטערווענירן ביים גענעראַל־קאָמענדאַנט פון די אָקופּאַציע־טרופּן אין פראַנקרייך. (שורה 7, נאָך דעם וואָרט דרינגנד).

אויף זייט 71, אונטער דער 12־טער שורה, פעלט די שורה:

ס. ס.־האַופּטשטורמפירער.

אויף זייט 89, סוף פון דער שורה 14, פעלט: .7.6.42